# קעגן טערא

## אצ״ל און לח״י זייער כאראקטער
## און וועלטאנשויאונג

פון

י. בן־זכאי

ההסתדרות העולמית השומר הצעיר
ההנהגה העליונה בארץ־ישראל • מרחביה 46

# קעגן טעראר

## אצ"ל און לח"י
## זייער כאראקטער און וועלטאנשויאונג

פון

## י. בן־זכאי

ההסתדרות העולמית תשומר הצעיר
ההנהגה העליונה בארץ ישראל
מרחביה 1946

## אינהאַלט:

# אין א מאמענט
# פון באלאגערונגס־צושטאנד

אין איינעם פון די טראגישסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פונם ארץ־ישראלדיקן יישוב און פון דער ציוניסטישער באווע־גונג, אין א מאָמענט, ווען געפאַרן לויערן פון יעדן צד, ווען מיר פארטיידיקן די לעבנס־האָפנונגען און די צוקונפט פונם פאָלק — איז אויף אונז אָנגעשטאנען אן אומגליק פון אינעווייניק, א סכנה מצד די טעראָר־גרופעס. און עס דאכט זיך, אז די אלטע קללה, וואָס איר עכאָ קלינגט אָפּ אין דער יידישער געשיכטע „דיינע צעשטערער און דיינע חרובמאכער וועלן פון דיר ארויסקומען" ווערט ווידער ביי אונז פארווירקלעכט.

איז דאָס נישט טראגיש, אז אינם מאָמענט, ווען דאָס פאָלק שטייט אינם העכסטן קאמף פאר זיין צוקונפט, אינם מאָמענט, ווען ער איז אָנגעוויזן אויף מאקסימום פון פאריייני־קונג און מאקסימום פון דיסציפלין — זאָלן אויפקומען פאר־שידענע גרופעס — וועלכע בארימען זיך, אז זיי טרעטן ארויס אין נאָמען פונם פאָלק און צוליב אים — און זאָלן פעלשן די געשטאלט פון זיין פרייהייטס־באוועגונג?

די בלוטיקע טאט אין ירושלים האָט אויפגעדעקט דעם תהום, וועלכע האָט זיך געעפנט פארן יישוב. די דערשיטערונג האָט ארומגענומען אלעמען. פונם הארץ פון די יישוב־מאסן האָט זיך ארויסגעריסן דער רוף: נישט דאָס איז דער וועג!

נישט אזוי, ניין און ניין! די פראגע איז איצט, צי וועלן מיר האָבן גענוג כוח אויסצורייניקן אונזער מחנה, צו פאררייניקן זי, פארצוימען די ריסן און פארוואַנדלען זי אין אַ פעסטונגס־מויער אינם מאָמענט פון באלאגערונגס־צושטאנד.

## די ריכטיקע פראגע

די טעראָר־אָרגאניזאציעס לייקענען אָפּ דעם אומגליק, וועלכן זיי האָבן אויף אונז געבראכט און זיי האלטן נישט פון די סכנות וואָס שטייען אונז פאָר מיט דער פאָרזעצונג פון זייער ארבעט. מיט אַ קופערנעם שטערן פראָקלאמירן זיי אויף די ווענט, אז זיי האָבן געבראכט נוצן. „דורך וועמען און א דאַנק וואָס — פרעגן זיי — איז פארוואנדלט געוואָרן די יידישע פראגע אין דער ברענענדיקסטע אינטערנאציאָנאלע פראגע, אויב נישט דורך אונזערע אַקטן?"

יעדער מענטש אין לאנד ווייסט, אז דאָס איז אן אבסאָלוטע פעלשונג. יעדער מענטש אין יישוב ווייסט, אז די איינציקע ריכטיקע פאָרמולירונג פון דערדאָזיקער פראגע איז: דורך וועמען און א דאנק וואָס זיינען אקטיוויזירט געוואָרן קעגן אונז אלע פיינדלעכע און קאמפס־כוחות; דורך וועמען און א דאנק וואָס איז דער רעגירונג געלונגען צו פאררייניקן ארום זיך די גאנצע געזעלשאפטלעכע מיינונג אין ענגלאנד און אויסער איר; דורך וועמען און א דאנק וואָס איז געשטיגן די כוואליע פון אנטיסעמיטיזם און עס האָט זיך פארשטארקט די נייגונג בשום־אופן זיך נישט אונטערגעבן דעם טעראָריזם; דורך וועמען און א דאנק וואָס איז געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט די שונאים אָפּצורעכענען זיך מיטן יישוב און מיטן

ציוניזם און פארלאנגען די הארבסטע מיטלען; דורך וועמען און א דאנק וואָס איז געגעבן געוואָרן א דעק־מאנטל דער רעגירונג, ווען זי האָט באשלאָסן צו געבן א קלאַפּ דער הויפּט־האָפנונג פונם ציוניזם — דער אומלעגאלער יידישער עליה; דורך וועמען און א דאנק וואָס איז געשטארקט געוואָרן די געשפאנטקייט צווישן די צוויי פעלקער אין לאנד ביז אזוי ווייט, אז יעדער פונק קען זי פארוואנדלען אין א פלאַם — דורך וועמען און א דאנק וואָס, פרעגן מיר — אויב נישט דורך די טעראָריסטישע גרופּעס, וועלכע האָבן פון זיך אראָפּ־גענומען יעדע פאראנטוואָרטלעכקייט און אראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן יישוב־עול?

## יידישע ליידן און נאציאנאליזם

די ירושלימער טאַט האָט אויפגעדעקט, ווי געזאָגט, די גרויס פון דער סכנה. עס זיינען אָבער געווען צייטן, ווען געוויסע טיילן, — אמת, קליינע — אינם יישוב האָבן געזוכט א פארענטפערונג פאר דידאָזיקע אָרגאניזאציעס. זיי האָבן געטענהט בערך אזוי: מיר אידענטיפיצירן זיך נישט מיט זיי און נישט מיט זייער וועג, אָבער מיר קענען נישט אָפּ־לייקענען, אז זיי טוען דאָס צוליב די ליידן און פיין פונם פאָלק. זיי פארגיסן זייער בלוט אויפן מזבח פונם פאָלק; דאָס איז דאָך עפּעס!

דערדאָזיקער צוגאנג איז א פאלשער ביזן יסוד. די יידישע ליידן פאר־זיך־זעלבסט אנטשיידן נאָך גאָרנישט. עס אנט־שיידעט דער וועג אויף וועלכן מען וויל דערגרייכן די באפריי־אונג. אויב נישט דידאָזיקע אונטערשיידונג, וואָלטן מיר געקענט

פארלירן יעדן מאסשטאב. ווייל אויך די נאציִשע באוועגונג איז — יעדנפאלס אין איר אָנהויב — ארויסגעטרעטן אין נאָמען פון די ליידן פון דייטשן פאָלק. האָט זיך דען נישט אָנגעשלאָסן צו איר א באגייסטערטע נאציאָנאלע יוגנט, וועלכע האָט גע־וואָלט פראָטעסטירן קעגן דער דערנידערונג, די ליידן און אונטערדריקונג, וואָס דייטשלאנד האָט באקומען פונם "ווערסייער טראקטאט? פונדאנען דרינגט ארויס, אז דאָס געפיל פון ליידן און פון פיין קען נאָך נישט אנטשיידן. מען קען אָנהויבן אינם נאָמען פון די ליידן פונם יידישן פאָלק און ברענגען פארניכטונג אויפן יידישן פאָלק.

אויך די נאציאָנאלע פארב — אפילו א פארב פון „געלויטערטן" נאציאָנאליזם אָן שום שעטנז און אָן שום פסולת — אנטשיידעט גארנישט. עס אנטשיידעט דער מהות פון דער נאציאָנאלער שטרעבונג. אין דער מלחמה־צייט, למשל, האָבן מיר געזען אין פוילן צוויי אונטערערדישע אָרגאניזאציעס — איינע פון די לינקע און די צווייטע א „ריינע"־נאציאָנאלע אונטערערדישע אָרגאניזאציע, אָן שום צומישונגען און אָן פסולת — פון די רעכטע. און איצטער קענען מיר גוט די אמתדיקע באדייטונג פון דעמדאָזיקן נאציאָנאליזם: דאָס איז דאָך דער נאציאָנאליזם פון אנדערסעס באנדעס, וועלכע מאכן פאָגראָמען אויף יידן און אויך אויף די פוילישע פראָגרעסיווע כוחות, דאָס הייסט א נאציאָנאליזם, וואָס איז קעגן די אמתדיקע נאציאָנאלע באדערפנישן פון די פוילישע פאָלקס־מאַסן. נאָכמער, די לעצטע געראטעוועטע פון ווארשעווער געטאָ, וואָס זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל, האָבן אונז דערציילט עטלעכע פרטים וועגן דעם כאראקטער פון דערדאָזיקער אונ־

טערערדישער אָרגאַניזאַציע. אויפן קיבוץ־המאוחד־ראַט אין יגור האָט אונז, למשל, דערציילט צביה לובעטקין, אַז דער אויפשטאַנד, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך דער דאָזיקער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין פרילינג 1944, איז געווען געווענדעט מער קעגן די סאָוויעטן, ווי קעגן די דייטשן! ווי עס ווייזט זיך אַלזאָ אַרויס, איז די נאַציאָנאַלע פאַרב פאַר־זיך־זעלבסט נאָך נישט גענוג. און ווער עס זאָגט אויף אַלע פאַרברעכנס, אַז דאָס איז נאָר אַ נאַציאָנאַלער מיטל — זאָגט פּוסטע רייד און קען ברענגען צו אַ סכנה פון גרענעץ־פאַרטושונג.

## וועגן דעם דריטן פאַקטאָר

און דאָס איז אויך דער לאָגישער אויסגאַנג לגבי אַ דריטער שטעלונג, וואָס זוכט אַ באַרעכטיקונג: די שטעלונג, וואָס זעט די טעראָריסטישע גרופּעס ווי אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער בייזוויליקער רעגירונגס־פּאָליטיק: די רעגירונגס־פּאָליטיק איז דער שטאַמפאָטער — די טעראָריסטישע גרופּעס זיין פּרוכט. נעם אַוועק די רעגירונגס־פּאָליטיק און דו ברענגסט אונטער איר פּרוכט!

אויך דאָס איז אַ נאַיווע און פאַלשע קאָנצעפּציע. מיר קענען זייער גוט די פאַרברעכנס פון דער רעגירונג, אָבער די פראַגע איז: צי בעת די בייזוויליקע פּאָליטיק איז געווענדעט קעגן אונז, צי האָבן דאַן רעכט אָפּגעזונדערטע גרופּעס צו באַדינען דידאָזיקע פּאָליטיק, אויסצוגעפינען אַן אויסרייד פאַר אירע פיינדלעכע מעשים, אויסצוגעפינען אַ צודעק פאַר אירע פאַרטראַכטע נקמה־אַקטן? וואָלט דען געקענט אַן אויסער־

לעכער שונא ברענגען אונז מער שאָדן ווי עס ברענגט אונז דער „אינעווייניקסטער פריינד"?

## געגנווארט און פארגאנגענהייט

די אלע דערמאָנטע באגרינדונגען וועגן יידישע ליידן און נאציאָנאליזם זיינען געזאָגט געוואָרן מיט א פּאָרויסבאַשטימטע באגרענצונג: אָפּשטעלענדיק זיך נאָר אויף דער געגנווארט פון די טעראָריסטישע גרופּעס. אָבער דידאָזיקע גרופּעס האָבן נישט נאָר א געגנווארט, זיי האָבן אויך א פּערגאנגענהייט. זיי האָבן נישט נאָר „סטאטיק", נאָר אויך „דינאמיק". דער איינ־ציקער וועג, לויט אונזער מיינונג, צו באטראכטן דעם כאראק־טער פון א געוויסער דערשיינונג, איז דער וועג פון א דיאלעק־טישן איבערבליק, דאָס הייסט, זעען די זאכן אין זייער אנט־וויקלונג, אין זייער פארגאנגענהייט, געגנווארט און זייער צוקונפט־טענדענץ.

אזא מין באטראכטונג ברענגט אונז צו אן אנדער יסודות־דיקער באהויפּטונג, וועלכע באווייזט, אז די טעראָריסטישע גרופּעס זיינען נישט ארויסגעוואקסן פון דעם לעצטן פּאָלקס־אונגליק, נאָר זיי זיינען אנטשטאנען אין א תקופה פאר אים. דער לעצטער אונגליק האָט, אינדעראמתן, פארברייטעט זייער הינטערגרונט, אָבער זייערע וואָרצלען געפינען זיך אין אן אנדער תקופה — אין דער תקופה פון פאשיסטישער קאָניונק־טור אין דער וועלט און ביי יידן, אין דער תקופה פונם אָנגריף אויפן חלוצישן ארבעטער־קלאס און דעם צוזאמענשטויס מיט די בויענדיקע פּראָגרעסיווע כוחות. די געגנווארט פון די טעראָריסטישע גרופּעס איז נישט עפּעס אנדערש, נאָר א

פאָרזעצונג — אין אן אנדער פאָרם — פון יענער פאַרגאַנגענ־הייט אין וועלכער עס ליגט אויך באַהאַלטן די צוקונפט־ריכטונג. דער אָנהויב פון דידאַקטיקע גרופּעס באַווייזט, מוז באַווייזן, — זייער סוף. די אָנגעזאַמלטע „ענערגיע" אין דידאַקטיקע גרופּעס נעמט אָן אַלעמאָל אַנדערע פאָרמען, אַמאָל איז זי טעטיק אויף איין געביט און אַמאָל אויף אַ צווייטן, אָבער איר פאַשיס־טיש וועזן איז פעסט און איר ריכטונג קלאָר.

## פרט און כלל

עס קען אימיצער קומען און טענהן: איז דען דער־און־דער אַ פאַשיסט? ער איז דאָך אַן אידעאַליסט, ער גלייבט אין זיין וועג א.א.וו. דאָס איז אַ נאַיווע טענה. ווען מאַרקס האָט אויפגעוויזן זיין באַרימטע טעזע: „דאָס זיין באַשטימט דאָס באַוואוסטזיין", זיינען באַלד אויסגעשפּרונגען די בירגערלעכע קריטיקער און האָבן דערקלערט: ווי נאַריש איז דערדאָזיקער מאַטעריאַליזם! ער מאַכט אָפּהענגיק דעם מענטשנ'ס אָנשוי־אונג פון זיין קישקע־צושטאַנד אין יעדער שעה פון טאָג. די־דאָזיקע קריטיקער האָבן זיך אפילו נישט באַמיט דערגרונטעוועןמאַרקס' געדאַנק ביזן סוף. מאַרקס באַרימטע טעזע זאָגט: אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע זיין באַשטימט דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוואוסטזיין — דעם סך־הכל פון די אָנשויאונגען און מיי־נונגען פון דער געזעלשאַפט וועגן דעם געמיינשאַפטלעכן לעבן און וועגן דער מדינה. אין דעם זין זאָגן מיר: אויב עס רעדט זיך וועגן פאַשיזם פון די טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציעס, מיינט מען נישט דעם פּערזענלעכן כאַראַקטער פון דעם־און־דעם, נאָר זיין איבער־פּערזענלעכן כאַראַקטער. און דער איבער־

פערזענלעכער כאראקטער דאָס איז דער סך־הכל פון די אָנ־שויאונגען און מיינונגען, דאָס איז דער איבערפּערזענלעכער כאַ־ראקטער פונם פאשיזם. דער פּרט אלס אזעלכער אינטערעסירט אונז נישט. עס באשטימט דער אידעאָלאָגישער כלל, אזוי צוזאָגן. און דערדאָזיקער כלל, זיין סטעמפּל און זיין סימן, זיינע אָנשויאונגען און שעפונגס־קוואלן, זיי קומען פונם פאשיזם.

און פונקט ווי מיר אונטערשיידן צווישן פּרט און כלל, אזוי טיילן מיר אָפּ א סוביעקטיוון געפיל פון אן אָביעקטיווער ווירקלעכקייט. עס קען א נאַיווער יוגנטלעכער אָנשליסן זיך צום טעראָריסטישן וועג און פילן זיך ווי א פרייהייטס־קעמפער. פון אָביעקטיוון שטאנדפונקט בלייבט דאָך דער פאקט: אז א דאנק דער אידעאָלאָגיע, דעם וועג, דער „ליניע" ווערט דער יוגנטלעכער נישט קיין פרייהייטס־קעמפער, נאָר א פאַרעטער פונם פרייהייטס־קאמף און א בלוט־פארגיסער.

## דער סאָציאַלער טאָן

דידאָזיקע דעפיניציע וועגן פאשיסטישן כאראקטער פון דער טעראָר־גרופּע איז נוגע, זעלבסטפארשטענדלעך, אויך די שטערן־גרופּע, וועלכע באַרימט זיך מיט איר סאָציאַלן טאָן און עקסטרעמען אנטי־אימפעריאליזם. דידאָזיקע גרופּע דערקלערט, אז זי איז נישט איינשטימיק מיט זשאַבאָטינסקין און זיין באַציאונג צו דער ארבעטער־באַוועגונג און אין זיין גלויבן אין ענגלאַנד. זי רעדט זיך איין, אז זי רעפּרעזענטירט א סאָציאַלן פּלאַן וועגן „אַן ארבעטער און פּויערן־מדינה". אָבער מיר ווייסן, אז דאָס איז נישט מער, ווי א פאַלשע באַ־רימעריי. ווער עס רעדט אין איין אָטעם וועגן אן ארבעטער

און פויערן מדינה און וועגן א מיליטערישער דעראָבערונג פונם לאנד — זאָגט עדות אויף זיך זעלבסט.

סאָציאליזם אָן אינטערנאציאָנאלער סאָלידאריטעט איז א פאלשער סאָציאליזם. דער פאשיזם האָט אייגנטלעך געטון אזוי ווי ירבעם בן־נבט: כדי אָפּצוציען דאָס דייטשע פאָלק פון די סאָציאליסטישע אידעאלן, וועלכע זיינען ביי אים געווען אָנ־גענומען אין משך פון צענדליקער יאָרן, האָט דער פאשיזם אוועקגעשטעלט „נאציאָנאל־סאָציאליסטישע" געצנבילדער און געזאָגט: דאָס זיינען דיינע געטער, פּראָלעטאריאט! „נאציאָ־נאל־סאָציאליזם" — דאָס איז די פאשיסטישע פעלשונג. נא־ציאָנאלע איזאָלאציע פון היסטאָרישע געשעענישן, דאָס איז דער יסוד־באזיץ פונם פאשיזם. די קאָאָפּעראציע און די סאָלידא־ריטעט איז דער יסוד־באזיץ פונם סאָציאליזם. דאָס איז דער איינציקער פּרוּוו־שטיין, וואָס דערמעגלעכט אונטערצושיידן צווישן אמתדיקן נאציאָנאליזם און פאלשן נאציאָנאליזם. צווישן אמתדיקן סאָציאליזם און פאלשן סאָציאליזם. צווישן א לעבנס־טעאָריע און א צויבערשפּרוך.

## פארצווייפלונג

די פארצווייפלונג און די אנטוישונג בארעכטיקן נישט די באגרינדונג פון עקסטרעמען און דעראָבערישן שאָוויניזם. די טעראָר־אָרגאניזאציעס ציטירן, אין דער לעצטער צייט, ווער־טער פון מרדכי אנילעוויטש וועגן דער נויטיקייט פון א קאמף אויף לעבן און טויט. זיי באנוצן זיך מיט די ווערטער פונם העלד פון ווארשאווער געטאָ, מיט דער כוונה, כלומרשט צו שלאָגן מיט דעם די באוועגונג, צו וועלכער ער געהערט. אָבער

ווי איז דער אמת: פון די טיפענישן פון פארצווייפלונג און פארלאָזנקייט, אויפן שוועל פון אונטערגאנג, פונם אָפּזונדערונגס־תהום, האָט מרדכי אנילעוויטש פארעפּענטלעכט א ווענדונג צו דער וועלט, פול מיט פלאמענדיקן גלויבן אין דער אינטערנאציאָנאלער סאָלידאריטעט, פעלקער־ברידערלעכקייט און אין דער סאָציאליסטישער אידעע. צוזאמענגעבונדנקייט מיט די מאסן פונם יידישן פאָלק און דער גלויבן אין די כוחות פון מאָרגן — אין דידאָזיקע צוויי איז געשטעמפּלט געוואָרן דער הערלעכער גבורה־וועג פון מרדכי אנילעוויטש.

און נישט נאָר דאָס. די שטערן־גרופּע דעמאָנסטרירט אן אנטי־בריטישע שטעלונג און באשטעלט פאר זיך אַ „פאר־בינדעטן". די כוונה איז, קודם־כל, ראטן־פארבאנד. אָבער ווער איז אזוי נאריש און גלויבט, אז ראטן־פארבאנד וועט אויס־ציִען איר האנט צו די אָנהענגער פון מיליטערישער דעראָבערונג און עקסטרעמן שאָוויניזם; ווער איז אזוי נאריש און גלויבט, אז ראטן־פארבאנד וועט שטיצן דעם „נאציאָנאַלן סאָציאליזם", וועלכער אָנערקענט נישט דיזעלבע רעכט — אפילו די רעכט פון „נאציאָנאלן סאָציאליזם" — פארן אראבישן פאָלק; ווער איז אזוי נאריש און גלויבט, אז ראטן־פארבאנד וועט שטיצן א רעאַקציאָנערע גרופּע, וואָס בויט איר צוקונפט נישט אויף צוזאַמענאַרבעט און פעלקער־הסכם, נאָר אויף קעגנזאצן און פעלקער־אונטערדריקונג?

די טעטיקייט פון די אייראָפּעישע אונטערערדישע אָרגאַניזאציעס האָט זיך איינגעפונדעוועט אויפן לאנגן אָטעם פון די פאָלקסמאסן און אויף דער זיכערקייט, אז די מעכטיקע פארבינדעטע וועלן זיי העלפן. אָבער „אונזער" אונטערערדישע

אָרגאַניזאַציע אַרבעט אָן א פאָלקס־פּראָגנאָנט, אָן סאָלידאַריטעט און אָן פאַרבינדעטע. זי איז אייגנזאַם אין איר אַבסאָלוט שאָוויניסטישער אידעע. דאָס איז נאָר א נאָכמאַכונג, אָן א פונדאַמענט און אָן אָן אויסזיכט.

עס איז קלאָר: די סאָציאַלע פּראַזעאָלאָגיע פון דער שטערן־גרופּע נישט נאָר, וואָס זי ווידערשפּרעכט נישט דעם פאַשיסטישן כאַראַקטער, נאָר זי באַשטעטיקט אים. זי דערמאָנט אונז אין דער „סאָציאַלער אָפּאָזיציע", וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין די רייען פון דעם דייטשן פאַשיזם און וועלכער האָט דערקלערט — אין איר נאַיווקייט אָדער מיט א כיוון פון אירע פירער: נאָך דער דייטשער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע וועט קומען די דייטשע סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָך היטלערן וועט קומען שטראַסער, נאָכן „דייטשן קערענסקי" וועט קומען „דער דייטשער לענין"...

## דער ווערטלאָזער היילמיטל

די דערפאַרונג פון די לעצטע וואָכן האָט צעשטערט ביזן יסוד די אילוזיע, וואָס האָט געהערשט אין געוויסע קרייזן: די אילוזיע, אַז עס איז מעגלעך אַריינפירן די טעראָר־אָרגאַניזאַציעס אין א ראַם פון יישוב־אחריות און אַזוי־אַרום איינצוימען זיי. די־דאָזיקע אילוזיע איז צעבראָכן געוואָרן אויף פּיצלעך. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער „קאָנטאַקט" איז געווען א פאַלשער קאָנטאַקט און דער איינצוימונגס־היילמיטל — א ווערטלאָזער היילמיטל. די טעראָר־אָרגאַניזאַציעס האָבן צעטרעטן יעדע נאַציאָנאַלע אחריות, האָבן צו נישט געמאַכט די יישוב־קאָמפּעטענץ. נאָך דער אָפיציעלן־פאַרכאַפּונג איז גע־

קומען דער שרעקלעכער אָנפאַל אויף „קינג־דייוויד"־האָטעל און עס איז געקומען דאָס אויסלאָכן זיך פון די „איינצוימונגס"־געבאָטן. די, וואָס האָבן געוואָלט אריינכאַפּן די טעראָריסטן — זיינען געוואָרן אליין ווי געפאנגענע אין זייערע הענט. דער רעזולטאט איז געווען — אומגליק־ברענגענדיקע דיסקרעדיטא־ציע פאר דער גאנצער מחנה און באזע־פארברייטערונג פאר די וואָס שטייען אויסער איר.

און נאָך מער: די טעראָר־אָרגאניזאציעס נישט נאָר וואָס זיי האָבן צעטרעטן יעדע אחריות, נאָר זיי האָבן צעשטערט דעם גאנצן פראָנט. נאָכן ארעסט פון די פירער דעם 29 יוני, האָבן די יישוב־אָרגאנען באשלאָסן אדורכצופירן אן אלגעמיינע אָרגאניזירטע פראָטעסט־אַקציע. אין עטלעכע טעג פארן אדורכ־פירן דעם פלאן איז געקומען דער פארברעכן אין ירושלים, וועלכער האָט צונישט געמאכט יעדע מעגלעכקייט פון פאר־ווירקלעכן די פראָטעסט־אַקציע אינם יישוב. די טעראָר־אָרגא־ניזאציעס האָבן צעשמעטערט אויף פּיצלעך די פראָטעסט־אַקציע פונם פאָלק. זיי האָבן געבראכט צו א „פראָטעסט־אַקציע" פון דער רעגירונג: שטראָף־צוגן קעגן תל־אביב און בייזוויליקע פלענער צו דערשטיקן די אומלעגאלע יידישע עליה. זיי האָבן ארויסגענומען די איניציאטיוו פון די הענט פונם פאָלק און זי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער „ווייס־בוך"־רעגירונג. זיי האָבן ארויסגעריסן די לייצעס פון די הענט פון אונזער לייטונג און איבערגעגעבן זיי דער מיליטער־לייטונג. קורץ גערעדט: די „פאטריאָטן" האָבן אויפגעריסן דעם נאציאָ־נאלן פראָנט און זיי האָבן דערלאנגט די קויל אין די הענט פונם קעגנער....

## צוליב אונזער נצחון

מיר שטייען אין קאמף. מיר געפינען זיך אין א באלאגע־רונגס־צושטאנד. ווען מיר דערלאָזן, אז הפקרדיקע גרופעס זאָלן אונז אראָפּקייקלען אינם תהום? ווען מיר דערלאָזן, אז „סטאדעס צעווילדעוועטע שאַקאַלן זאָלן אונטערצינדן אונזערע שייערן״? ווען מיר דערלאָזן, אז ווינטן זאָלן פארלעשן דאָס ליכטעלע?

צוליב דעם קאמף, צוליב אונזער זיג אין אים, צוליבן אויסוועג, צוליב דער צוקונפט — זאָל נאָך מער פארשטארקט און פארפעסטיקט ווערן די מויער! זאָל פאראייניקט און אויס־געריייניקט ווערן אונזער מחנה, זאָלן ארויסגעשטויסן ווערן די הפקר־כוחות. זאָל מען צונויפזאמלען דאָס פאָלק אונטער איין פאָן — די פאָן פון חלוציזם, וואָס בויט און ברענגט עליה און איז גרייט צו פארטיידיקונג.

**
*

די גרופּעס אצ״ל און לח״י זיינען נישט געבוירן געוואָרן נעכטן־אייערנעכטן. זיי האָבן א פארגאנגענהייט. זיי אליין דער־קלערן אין זייערע וואנט־פּראָקלאמאציעס, אז זשאבאָטינסקי איז דער „נביא פונם דור״ און פון אים האָבן זיי געלערנט די „אויפקום און אויפשטאנד־טעאָריע״. גלייכצייטיק באנוצן זיי זיך מיט פארמאסקירונגס־מיטלען, פארטושן זייערע שריט. מיר זיינען פאשיסטן? — פרעגן זיי. מיר זיינען ארבעטער־פיינט? מיר העצן צו א קאמף מיטן אראבישן פאָלק? — נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

לאָמיר באטראכטן זייערע אָנשויאונגען און דעם כאראקטער זייערן. לאָמיר נאָכגיין זייערע טריט. ווייל נאָר אן אלגעמיינער איבערבליק קען אונז געבן א קלאָרן באגריף: פונוואנען זיי קומען און וואוהין זיי גייען.

# אידעאלאגישע מקורות

אצ״ל און לח״י זיינען שפּראָצונגען פונם רעוויזיאָניזם. און דער רעוויזיאָניזם איז נישט עפּעס אנדערש, ווי דער יידישער גלגול פונם אלגעמיינעם פאשיזם. דער עיקר און דער אינהאלט פונם רעוויזיאָניזם אין דער פּראָספּעריטי־תקופה זיינען באַשטאַנען אין אָנגרייפן דעם יידישן ארבעטער־קלאַס און זיין חלוצישן וועג אין דער פארווירקלעכונג פונם ציוניזם. דער רעוויזיאָניזם האָט זיך אנטוויקלט שטופנווייז. זיין געשטאלט איז אויסגעפּאַרמט געוואָרן לויט די אלגעמיינע פּראָצעסן אין דער וועלט פון איין זייט, און לויט דער אנטוויקלונג אינם יידישן פאָלק פון דער אנדערער זייט.

אינטערעסאנט איז, אז נאָך אין יאָר 1920, אין צוזאמענהאנג מיט זשאבאָטינסקיס שטעלונג אינם ענין תל־חי, האָט זיך י. ח. ברענער אָפּגעשטעלט אויפן כאראַקטער פונם שעפער פונם רעוויזיאָניזם. ער האָט געזאָגט:

„אין ,האָרץ׳ ארבעט־מיט א טיכטיקער שרייבער, און ער האלט דוקא אין איין פּראָקלאמירן די נויטיקייט פון גרויסע מיליאַרדישע השגות, פון א גראנדיעזע אויסערלעכע פּאָליטיק, פון פאָדערן א מדינה מיט ברייטע גרענעצן, קאָלאָניזאטאָרישע שריט לויטן מוסטער פון אן אנדער אָרט, פון שאַפן מיליטער מיט אלע זיינע אַטריבוטן, מיט פאנטאזיעס וועגן בלוט פארגיסונגען א. אַ. וו.

ווי עס זעט אויס, איז דאָס אזא מעטאָד ביי דעמדאָ־
זיקן זשורנאליסט. פארשטארקן די שטרעבונג צו מעכאַ־
נישע טאַטן און אויסערלעכע נצחונות, אָנשטאָט דאָס
אינערלעכע טאָג־טעגלעכע איינוואָרצלען זיך אינם לעבנס
באָדן. אין דער ליטעראטור — איז פאר אים א מוסטער
דער שרייבער שענקעוויטש מיט זיין בוך „מִיט פייער
און שווערד"; אינם יישוב — פראָסטע ארבעטס־
מענטשן, וועלכע טוען זייערע שווערע ארבעט אונטער
שטארקער מיליטערישער דיסציפלין און דערנערן זיך
מיט א שטיקל ברויט און א ביסל וואסער, נאָר כדי זיי
זאָלן נישט שטארבן פון הונגער און עס זאָל, חס־ושלום,
נישט אָפּגעשטעלט ווערן זייער „פּאָליטישער נוצן"; אין
דער פּאָליטיק — פּראָגראמעס וועגן אויפגעהויבענע קעפּ
און באָמבאסטישע רייד וועגן שווערדן־געקלאנג".

## געזעלשאפטלעכע פּראצעסן

כדי דידאָזיקע פּלענער פונם שרייבער פון „הארץ" זאָלן
פארוואנדלט ווערן אין א פּאָליטישן פּראָגראם, זיינען געווען
נוטיק געוויסע געזעלשאפטלעכע פּראָצעסן. און זיי האָבן טאקע
נישט געלאָזט אויף זיך לאנגווארטן. נאָך דער ערשטער
וועלט־מלחמה האָט די גאנצע ציוניסטישע באוועגונג געטראָגן
אויף זיך דעם סטעמפּל פון פּראָגרעסיוויקייט. חלוציות, סאָצ־
יאלער פּראָגרעס, פרידן און שותפותדיקע ארבעט מיטן שכנישן
פאָלק זיינען געווען אויסגעקריצט אויף איר פאָן. די רעוואָלו־
ציאָנערע כוואליע אין אייראָפּע האָט אויך געווירקט אויף איר.
מיטן פאַלן פון דער קאָניונקטור, מיט דער איזאָלאציע פונם

ראטן־פארבאנד, מיט דער סטאביליזאציע פונם קאפיטאליזם — איז פאָרגעקומען א שטארקער רוק אויף רעכטס. די קאָנסער־וואטיווע כוחות, וועלכע זיינען פארשוואונדן פון דער ארענע, זיינען ווידער דערשינען. אין די מערסטע אייראָפּעישע לענדער זיינען אנטשטאנען בורזשואַזע רעגירונגען מיט א „פעסטער האנט". אין דערזעלבער צייט האָט זיך אויך אין דער ציוניסטי־שער באוועגונג אדורכגעריסן דער רוף: אויף רעכטס, א רעוויזיע זאָל זיין, אַ ווערט־איבערשאצונג! און אין וואָס דארף זיך אויסדריקן די ווערט־איבערשאצונג? קלאָר געזעגט: ארץ־ישראל אָן „סאָציאליסטישע פאנטאזיעס", אויפבוי לויט דער געזונטער שיטה — די קאפיטאליסטישע: קאפיטאל, ריווח און עקספּלאָאַטאַציע.

זשאבאָטינסקי, דער שעפער פונם רעוויזיאָניזם איז ארויף אויף דער ארענע. ער האָט פארטיפט די טעאָריע פון דער געזונטער שיטה. פון „נייטראליטעט", וועלכע ער האָט לכת־חילה פארזיכערט לגבי „עין־חרוד און ראשון־לציון", איז ער באלד אריבער צו אן אָנגריף קעגן דער חלוצישער אידעע. ער האָט אויפגעהויבן די פאָן פונם מיטלשיכט. ער האָט דער־קלערט: „ביי יעדן לאמטערן אין ירושלים וועל איך מיך אוועקשטעלן און שרייען: איך בין א בורזשוי!" ער האָט אויפגעהויבן דעם לאָזונג פונם „ענד־ציל" און האָט מיט אים פארביטערט דאָס לעבן פון דער ציוניסטישער באוועגונג.

עס איז פאָרגעקומען א דערשיינונג, וועלכע איז געווען ענלעך צו דער אלגעמיינער דערשיינונג אין אייראָפּע. די נאצישע און פאשיסטישע אידעאָלאָגיעס זיינען געשאפן גע־וואָרן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. כדי זיי צו

פאַרוּוירקלעכן האָבן זיי זיך געניוּטיקט אין באַדינגונגען. מוסאָליני האָט זיי באַלד געפונען. היטלער איז געצוואונגען געווען צו וואַרטן צען יאָר. ווי באַוואוּסט, האָט ער נישט געוואַרט אומזיסט. דער וועלט־קריזיס, פון וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהויבן טרייסלען די זיילן פונם דייטשן קאַפּיטאַליזם, האָט געבראַכט צו אַ שטורם אין די באַזיצלאָזע און אַרבעטסלאָזע פאָלקס־מאַסן פון איין זייט, און אַרויפגעוואָרפן אַן אונטער־גאַנגס־שרעק אויף די קאַפּיטאַליסטן פון דער אַנדערער זייט. אַרומגענומען פון פּאַניק האָבן זיי געשריגן צום ברוינעם טעראָר: שטיי אויף, געוועלטיק איבער אונז!

צוויי פּראָצעסן, פון אַן אַנדער סאָרט און מיט אַן אַנדער כאַראַקטער, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און האָבן צוגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פונם רעוויזיאָניזם: די פאַרשאַרפטקייט פון גלות אין דער תקופה פון וועלט־קריזיס פון איין זייט, און די איינגעפונדעוועטקייט פון דער יידישער בורזשואַזיע אין ארץ־ישראל פון דער צווייטער זייט. די עליה־שוועריקייטן, די אָנ־טוישונג פון דער מאַנדאַטאָרישער רעגירונגס־פּאָליטיק, די אָביעקטיווע שוועריקייטן פון דער ציוניסטישער פאַרווירקלע־כונג האָט אויסגענוצט זשאַבאָטינסקי, האָט אויסגענוצט דער רעוויזיאָניזם. אָנשטאָט צו דערציילן די מאַסן דעם אמת, אָנ־שטאָט צו באַווייזן זיי דעם וועג — האָט דער רעוויזיאָניזם זיי נאָר צעטומלט. ער האָט זיי גערופן, אָנווייזנדיק אויפן אַרבע־טער: דיזאַזיקע זיינען אייערע פיינט. זיי זיינען שולדיק אין די עליה־שוועריקייטן, אין דער באַגרענצונג פון די מעגלעכ־קייטן. זיי האַלטן אין זייערע הענט די סערטיפיקאַטן.

פון דער צווייטער זייט האָט זיך פאַרברייטערט דער קאַפּי־

טאליזאציע־פּראָצעס אין ארץ־ישראל. די פּרדסנים־שיכט האָט זיך איינגעפּונדעוועט. עס האָט זיך געשטארקט דער באַגער נאָך א שטארקער האנט לגבי דעם ארבעטער. עס איז געוואקסן די באדערפניש פון ביליקער, נישט־אָרגאַניזירטער ארבעט. פאר דער רעוויזיאָניסטישער באוועגונג איז געקומען א גוטע צייט. די אייגנשאפטן, וועלכע עס האָט שוין דערקענט ברענער, זיינען געקומען צום פולן אויסדרוק. די פאנטאזיעס וועגן עקס־פּלאָטאַציע און קנעכטשאפט האָבן געפונען אַ באָדן. דער יידישער פאשיזם האָט געפונען „א קאָוואַדלע פאר זיין האַמער."

אין דער ציוניסטישער באוועגונג האָט זיך אזוי ווי איבער־געחזרט די דערשיינונג, וועלכע איז פּאָרגעקומען אין דער וועלט: קריזיס פון דעמאָקראטיע, צעטומלונג אין די בירגער־לעכע פּארטייען און זייער דראַנג צום פאשיזם. ווען זשאבאָ־טינסקי האָט אויפגעהויבן די פאָן פון קלאסן־קאמף האָט דאָס ארץ־ישראלדיקע בירגערטום אָנגעהויבן שטראָמען נאָך אים. די פּלאַנטאַטאָרן, די באלעבאטישע קרייזן און די שטאָטישע שפּעקולאַציע האָבן זיך קאָנצענטרירט ארום דער רעוויזיאָ־ניסטישער פאָן. די אנטוויקלונג פונם פאשיזם אין דער וועלט האָט צוגעגעבן מוט און חוצפה. אויף איינעם פון די קאָנגרעסן האָט זיך געווענדעט דער וויצע־פּירער צו די ארבעטער און געשריגן: „בארימט זיך נישט מיט אייער כוח. עס איז געווען א מעכטיקע ארבעטער־באוועגונג אין דייטשלאנד און זי האָט זיך אין איין נאַכט פארוואנדלט אין אַש און אין שטויב." די שאָדן־פרייד האָט אויסגעלויכטן פון יעדן וואָרט. די קלאַסן־פארבלענדעניש איז געוואָרן גרענצלאָז.

און וואָס האָט דער פירער זעלבסט דערקלערט? וועגן דער הסתדרות האָט ער פּראָקלאַמירט:

דערדאָזיקער קרעבס אויפן גוף פונם יישוב, וואָס הייסט הסתדרות און וואָס ווערט פעט פון באלעבאטישע נדבות, שפרייט זיך אויס און וויל דער־שטיקן דאָס לעבן אין ציוניזם. און יעדער איינער, וועל־כער וועט זיך נישט לאָזן דערשטיקן אָן ווידערשטאנד — וועט קעגן אים אָנגענומען ווערן אלע, אָן אויסנאַם, געוואַלט־מיטלען — די לינקע הערשאפט וועט ברענגען צו א קאמף אויף מעסערס. און ביז איצט איז נישטאָ קיין שום גאראנטיע, אז זיי וועלן זיך באגנוגענען מיט קאלט געווער."

וואָס האָט ער געזאָגט וועגן שטרייקן?

„איך בין באאויפטראגט, אלס ערלעכער מענטש אראָפּצונעמען דעם מאָראלישן פלעק פון דעם וואָרט שטרייקברעכעריי אין ארץ־ישראל. וואָס אינטערעסירט אונזערע חברים, אויב די הסתדרות האָט דערקלערט א שטרייק? די זעלבסטשטענדיקייט פון דער נייער הסתד־רות וועט זיך אויסווייזן, קודם־כל, אין דידאָזיקע פאַלן, ווען די אלטע הסתדרות וועט דערקלערן א שטרייק, און די נאציאָנאלע ארבעטער וועלן נישט האלטן פאר זייער חוב זיך אין אים צו באטייליקן".

די התיישבות האָט ער פארטוישט מיטן אלגעמיינעם טער־מין „קאָלאָניזאציע", ווייל קאָלאָניזאציע —

איז גלייך צו מלחמה, אין וועלכער עס ווערט אָפּגע־

שטעלט דאָס רעכט פון פרייהייט, מיטן אויסנאַם פון פרייהייט פאַר די אונטערנעמונגס־באַזיצער. בשעת מלחמה טוישן זיך אַלע ווערטן. נישטאָ קיין פרייהייט פאַר אַ סאָלדאַט און עס איז נישטאָ קיין מאָראַל אויסער מלחמה־געזעצן — אויסער געזעצן פון קאָלאָניזאַציע. בשעת דער קאָלאָניזאַציע איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט, קיין משפט און קיין גאָט אין הימל — — —

און דער טרעגער פון דער קאָלאָניזאַציע איז, פאַרשטעגד־ליך, נישט דער אַרבעטער, נאָר דער איניציאַטאָר און דער אָר־גאַניזאַטאָר.

דער „נאַציאָנאַלער" פאַשיזם איז געוואָרן אַ „אינטערנאַציאָ־נאַלער" מוסטער. נישט אומזיסט איז די איטאַליענישע רעגירונג געווען די איינציקע צווישן די אייראָפּעישע רעגירונגען, וועלכע האָט אָפיציעל באַגריסט די רעוויזיאָניסטישע קאָנפע־רענץ אין ווין, אין סעפּטעמבער 1935. די איטאַליענישע אָפי־ציעלע פּרעסע־אַגענטור „אָריענטאָ מאָדערנא" האָט וועגן דעם געמאָלדן און זי האָט צוגעגעבן:

„די רעוויזיאָניסטן האָבן אָנגענומען אַ סימפּאַטי־זירנדיקע שטעלונג לגבי איטאַליע. זייער צייטונג ‚הירדן' שטייט אויף דער זייט פון איטאַליען אינם סכסוך אַבי־סיניע, ווייל די רעוויזיאָניסטן זיינען עקסטרעם־נאַציאָ־נאַלע און העפטיקע קעגנער פונם אַרבעטער."

דער רעוויזיאָניסטישער פירער האָט אָנגעזאָגט מלחמה דער הסתדרות. באַלד האָבן זיך באַוויזן אין גאַס ברוינע העמ־דלעך און שטרייקברעכער. דער אָפענער טעראָריזם לגבי דער

ארבעטערשאַפט איז געוואָרן וואָס אַמאָל צודרינגלעכער. די העצע קעגן דעם אינערלעכן שונא איז געוואָרן וואָס שטאַר־קער. עס האָט זיך געשאַפן אַן אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז דערמאָרדעט געוואָרן ארלאָזאָראָוו.

נאָך איינעם פון די ערשטע איבערפאַלן — אַן איבער־פאַל אויפן לינקן פועלי־ציוניסטישן קלוב אין שמחת־תורה — האָט ב. כצנלסון געשריבן:

„דער ענין איז א שווערער און אן ערנסטער. די ארבעטער־באוועגונג איז אן אויסגעפרוווטע. זי דער־קענט די שלאַנג, נאָך ווען זי געפינט זיך אין איר עמ־בריאָן. זי קען די געזעלשאפטלעכקייט פון די, וואָס הייבן אָן מיט „שטיפערייען" און פארענדיקן מיט פאָלי־טישע און קולטור־מאָרדן".

און די „שטיפערייען" זיינען טאקי ארויף אויף א העכערע שטופע. דער גרונט איז אינטענסיוו צוגעגרייט געוואָרן. דער טעראָר לגבי דער ארבעטער־באוועגונג האָט זיך באזירט אויף א גאנצן אידעאָלאָגישן פונדאמענט.

## מען לייענט די „מגילה"

אינם טעראָריסטן־משפט — דער משפט פון די עקסטרעמע רעוויזיאָניסטישע גרופע, וועלכע האָט זיך א נאָמען געגעבן „ברית ציונים מהפכנים" (בונד פון רעוואָלוציאָנערע ציוניסטן), אָדער „ברית הבריונים" (טעראָריסטן־בונד), וואָס איז פאָרגע־קומען אין יוני 1934 — זיינען אין געריכט איבערגעלייענט געוואָרן ארטיקלען און בריוו פון חברים פון דער גרופע; צווישן אנדערע די „סיקריקין מגילה" (סיקריקין — או אלטער־

טימלעכער טערמין פאר טעראָריסטן). אין דער „מגילה" ווערט געזאָגט:

א געזעלשאפטלעכע גרופּע בויט איר פונדאמענט אויף די ביינער פון אירע קעגנער און פיינט. נאָר דער וואָס איז גרייט דערמאָרדעט צו ווערן קען מאָרדן. דעם קאמף פון סיקריקישן טעראָר פירן אָן אומבאקאנטע העלדן. דער סיקריקיזם גיט דעם סתם־מענטש די מעג־לעכקייט צו פארוואנדלן זיך אין אַ העלד. מען דארף זיך נאָר צוגעוואוינען שיסן אין ציל.

נאָך דער באגרינדונג פון דער אידעאָלאָגיע פון פּאָליטישן טעראָר קומט די ציל־דעפיניציע:

נאציאָנאלע דיקטאטור, דאָס פארלאָזן די ציוניסטישע אָרגאניזאציע, קאמף קעגן די פּאָנדן און די שאפונג פון א יידישער מדינה מיט בלוט און פייער.

דער איינקלאנג צווישן דעם פאשיזם און זשאבאָטינסקיס פארווירקלעכונגס־שיטות איז קלאָר און פארשטענדלעך, ווייל:

מוסאָליני איז דער מענטש, וואָס האָט געראטעוועט די מענטשהייט פון קאָמוניזם. מיר זיינען חלוצים פונם קאמף קעגן סאָציאליזם, מארקסיזם און קאָמוניזם — שוין צען יאָר, ווי מיר זוכן א יידישן מוסאָליני. העלפט אונז אים זוכן.

א יידישער מוסאָליני האָט זיך ביז איצט נישט געפונען, אָבער מארקסיסטן, קאָמוניסטן און סאָציאליסטן איז דאָ גענוג און גענוג. די פראגע וואָס צו טון מיט זיי איז אויך געלעזט געוואָרן. לויט דאָס עדות־זאָגן פון אן אָנוועזנדן אויף דער

פאַרזאַמלונג פאַר די טעכניקום־סטודענטן אין חיפה אין שבועות 1933 איז דאָרט געזאָגט געוואָרן:

איר האָט גאָרנישט פונם נאַציאָנאַלן גייסט פון די דייטשע סטודענטן, וועלכע האָבן דערמאָרדעט ראַטענאַו. עס איז נישטאָ צווישן אייך קיין איינער, וועלכער זאָל זיין מסוגל מאָרדן ווי די דייטשע סטודענטן, וואָס האָבן דערמאָרדעט קאַרל ליבקנעכטן און ראָזאַ לוקסעמבורג.

## מלחמה און שלום לויט דער רייי

דאָס זיינען געווען די גרונט־פּרינציפּן פון דער סיקריקי־שער טעאָריע. די פאַרעפנטלעכונג פון דער „מגילה" און דער אַרלאָזאָראָוו־משפּט האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף דער „ציוני־סטיש־רעוואָלוציאָנערער" ריכטונג, זיי האָבן אָפּגעלייקנט זייער אָנגעהעריקייט צו אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע. די „סיקריקין־מגילה" — האָבן זיי געטענהט — האָט קיינמאָל נישט עקזיס־טירט, דאָס איז נאָר אַן אויסגעטראַכטע מעשה. די תורה פון פּאָליטישן מאָרד, דאַרף מען נישט פאַרשטיין ווי אַ קאָנקרעטע זאַך, דאָס זיינען נאָר מליצה־ווערטער. נאָכמער: עס איז באַלד אויסגעצויגן געוואָרן די האַנט פון די רעוויזיאָניסטן צו אַן הסכם מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז באַשטימט גע־וואָרן אַ טאַקטיק, וואָס איז איינגעפירט אין דער פאַשיסטישער באַוועגונג — אַמאָל שלום און אַמאָל מלחמה. נאָכדעם ווי עס איז דורכגעפאַלן דער פרידנס־אָנגריף און די אַרבעטערשאַפט האָט אָפּגעוואָרפן דעם הסכם מיטן יידישן פאַשיזם — האָט זיך ווידער באַנייט דער קאַמף, די העצע קעגן דעם אינערלעכן שונא.

די „קעמפער״ האָבן, פארשטייט זיך, פארטיפט זייער פיינדשאפט צום אינערלעכן שונא און דעם שפּאָט צום שאפונגס־שוואונג פונם ארבעטער. עס איז באנייט געוואָרן דער עפענטלעכער טעראָריזם. צווישן אנדערע, האָט מען געמאכט אַן איבערפאַל אויפן שליח פון דער ארבעטער־באנק מיטן פרווו צוצורויבן א סומע פון טויזנטער פונטן.

יעדער וואָס טענהט, אז די טעראָריסטישע ריכטונג איז אנטשטאנען אין דער לעצטער צייט, אלס רעזולטאט פון די ליידן און פיין פונם פאָלק, טענה׳ט א פאלשע טענה. די טעראָריסטישע ריכטונג איז געבוירן געוואָרן נאָך פארן „ווייסבוך״, פאר די גזירות און פארן פאָלקס־אומגליק. זי איז א שפּראָצונג פון דער רעוויזאָניסטישער אָראנזשעריע אויפן גרונט פונם קאמף קעגן אינערלעכן שונא און פון דער פאשיס־טישער אויפשטייג־אַטמאָספער אין דער וועלט. די טאטעס פון די היינט־טעטיקע טעראָר־אָרגאניזאַציעס זיינען די אמאָליקע טעראָריסטן און שטרייק־ברעכער. די „סיקריקין־מגילה״ איז זייער יוגנט־לערע, די פאשיסטישע טעאָריע — זייער שעפונגס־קוואַל.

## פארטיידיקונג אדער אנגריף

מיר האָבן זיך באקענט מיטן איין וואָרצל וואָס שטעקט אינם אינערלעכן באָדן. דער צווייטער וואָרצל געפינט זיך אינם אויסערלעכן באָדן, אינם געביט, וואָס רופט זיך זעלבסטשוץ. איידער מיר ווען זיך פארנעמען מיט דעמדאָזיקן פראָבלעם אוממיטעלבאר, ווען מיר אים באטראכטן אויף דעם פאָן פון זיין אנטוויקלונג. זעלבסטשוץ אָדער דעמאָנסטראציע, פאר־טיידיקונג אָדער א שווערד צו פארדינגען, זעלבסטשוץ אָדער אָנגריף — דערדאָזיקער גאנצער קאָמפלעקס פון קעגנזאצן צווישן דער ארבעטער־באוועגונג און דעם יידישן פאשיזם — איז קלאָר געוואָרן באלד ביי זשאבאָטינסקיס ערשטע טריט.

### די זעלבסטשוץ אינם אויפבוי־פראצעס

די זעלבסטשוץ איז אויסגעוואקסן פון דער ווירקלעכקייט פון דער יידישער התיישבות אין ארץ־ישראל. זי איז געווען אן אומבאדינקטע פונקציע פון דערדאָזיקער ווירקלעכ־קייט. שוין פון די ערשטע טריט פון שיבת־ציון איז קלאָר געוואָרן, אז מען מוז זיך פארטיידיקן.

דער געדאנק פון זעלבסטשוץ איז די פאָרזעצונג פונם זעלבסטארבעט געדאנק. די מענטשן פון „השומר" זיינען געקו־מען פונם רעוואָלוציאָנערן רוסלאנד. זיי זיינען געקומען אין

לאַנד מיט אַ בּאַגער פון נאַציאָנאַלער באַנייאונג, האָבנדיק פאַר זיך די וויזיע פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבּן זיך געהאַלטן פאַר אַן אומאָפּרייסבּאַרן טייל פון דער אַרבּעטער־באַוועגונג. „לכתחילה זיינען באַשאַפן געוואָרן די אַרבּעט און די מלאכה; די ראָל פון דער שווערד איז בּלויז זיי צו פאַרטיידיקן". זיי האָבן געקעמפט פאַר זייערע רעכט צו געהערן צו דער לאַנדווירטשאַפט־אַרבּעטער אָרגאַניזאַציע, זיי האָבן אַנטייל גענומען אין דער שאַפונג פון „החורש". זיי האָבן געזעען די סכנה, וואָס דראָט דעם שמירה־פאַך אויב ער איז אָפּגעריסן פון דער אַרבּעטער־געזעלשאַפט. מיט מוט און גבורה האָבן זיי זיך אַנטקעגנגעשטעלט די אָנגרייפער. אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי געוואוסט צו פלעגן די פרידן־און־כבוד־באַציאונגען מיטן נאָענטן שכנישן פאָלק. זעלבסטשוץ אָן נאַציאָנאַלן שאָוויניזם און אָן ווילן אָנצוגרייפן.

אזוי איז אַנטשטאַנען דידאַזיקע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט. אין אַנדערע לענדער דינט דאָס געווער אַראָפּצוטרייבן די ערד־אַרבּעטער פון זייער ערד — דאָ דינט ער צו פאַרטיידיקן דעם נייעם ערד־באַזיצער, אָן אויסנוצונג פונם צווייטן; אין אַנדערע לענדער דינט ער צו פּלינדערן און רויבן די פּרוכט פון צווייטנס אַרבּעט — דאָ דינט ער צו פאַרטיידיקן די אַרבּעטערפּרוכט פון די צוריקגעקומענע צו אַרבּעט; אין אַנדערע לענדער איז דאָס דער אַרבּעטער־קלאַס, וועלכער ווערט מיט כוח אַראָפּגעטריבן פון דער ערד — דאָ זיינען זיי די, וועלכע קערן זיך אום צו דער ערד. זייער געווער איז ריין — ווייל דאָס איז שוץ־געווער.

## אן אנדערע אויפאסונג

איז א וואונדער, וואָס זשאבאָטינסקי האָט זיך קעגנגע־שטעלט דערדאָזיקער אויפאסונג? ניין; עס איז גאָר קיין וואונ־דער נישט. די אויפאסונג פון דעם פון „גאָט געבענטשטן בורזשוי״ האָט געזאָגט: א מדינה. און א מדינה לויטן בורזשוי־ישן מוסטער הייסט קלאסן־איינטיילונג. אין איינקלאנג מיט דעם האָט זשאבאָטינסקי באשטימט פון פריער די ראָל פון יעדן קלאס: די ראָל פון קאפיטאליסטן איז צו אנטוויקלען איניציאטיוו, פון די ארבעטער — ארבעטן, די ראָל פון די סאָלדאַטן איז קעמפן, די אָפיצירן דארפן באפעלן. דערדאָזיקער צוגאנג האָט באשטימט זיין שטעלונג אין אלע גורלדיקע שטרייט־פראגן. אין דער דיסקוסיע איבער תל־חי האָט זשאבאָ־טינסקי געפאָדערט צו פארלאָזן דעם פונקט: עס איז נישט מעגלעך צו ארבעטן און קעמפן גלייכצייטיק.

פארטיידיקן די פאָזיציעס איז אוממעגלעך. מיר האָבן נישט גענוג כוח, כדי אָפצושלאָגן די אָנגרייפער. מיר פאָדערן די גאנצע צייט, אז ענגלאנד זאָל הערשן איבער גאנץ ארץ־ישראל. און אז מיר וועלן אליין וועלן זי פארטיידיקן, וועט דערפון גאָרנישט נישט אויסקומען.

אזוי האָט ער אין נאָמען פון גלויבן אין ענגלאנד געפאָ־דערט צו פארלאָזן תל־חי. צוליב דער „פונקציעס־צעטיילונג״ צווישן די ארבעטער און מיליטער־לייט האָט ער באשלאָסן מפקיר צו זיין דעם פונקט. דאָס און נאָך עפּעס. דער פארטיי־דיקונגס־ווערט איז אָפּגעוואויגן געוואָרן מיט דער וואָג פון פאָליטישן פארדינסט. און וואָס האָט דידאָזיקע וואָג באוויזן? זי האָט באוויזן אז

דער פּאָליטישער ווערט, די פּאָליטישע השפּעה פון מות־קדושים אין דערדאָזיקער צייט איז געפאלן — —

די דערמאָנטע שטעלונג איז ווידער אקצענטירט געוואָרן אויף דער זיצונג פון אקציאָנס־קאָמיטעט אין פּראג, אין יולי 1921:

איך דארפט נישט איבערגעבן געווער אין די הענט פון יידישע יונגעלייט, וועלכע ווייסן נישט פון קיין מיליטערישער דיסציפּלין. געווער דארף מען געבן נאָר מענטשן אין מיליטערישע אוניפאָרמען, וועלכע געפינען זיך אונטער א מיליטערישע קאָמאנדע. אָן א לעגיאָן איז אוממעגלעך צו מאכן לאנדווירטשאפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. איך געהער נישט צו די ראדיקאלן, וועלכע פאָדערן אז דער יידישער כוח זאָל זיך געפינען אונטער דער אָנפירונג פון ועד־הלאומי. טויזנטער יידישע מיליטערלייט זיינען א כוח, אויב זיי שטייען אונטער דער ענגלישער קאָמענדאטור פון בריטישן מי־ליטער. אויב זיי געהערן נישט צום בריטישן מיליטער און די בריטישע רעגירונג שטייט נישט הינטער זיי — האָב איך צו זיי נישט קיין צוטרוי.

עס איז איבעריק צוצוגעבן וואָס וואָלט געווען דער גורל פונם יישוב, אויב מען וואָלט זיך געפירט לויט דערדאָזיקער מיינונג; אויב מיר וואָלטן מוותר געווען אויף דער זעלבסט־שוץ און מיר וואָלטן געווען אָפּהענגיק פון בריטישן מיליטער, עס זאָל אונז פארטיידיקן. מיר וועלן בלויז אונטערשטרייכן, אז דעם „אומצוטרוי צום יידישן כוח אונטער דער אָנפירונג פונם ועד הלאומי" האָט דער רעוויזיאָניזם באוויזן — בעת אלע

ערנסטע פּרוּוון אין וועלכע דער יישוב האָט זיך געפונען — אין א זייער טראַגישער פאָרם. ער האָט באַוויזן און פאַרווירק־לעכט דעם גלויבן אינם „כוח”, וואָס נישט ער „שטייט אונטער דער אָנפירונג פון ועד־הלאומי”, אינם „כוח” וואָס וואַרפט פון זיך אראָפּ יעדע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, רייסט דורך די וואַנט פונם כלל אין יעדן קריטישן מאָמענט, און צעשטערט זיינע פּראַנטן. אין אלע געשעענישן אין ארץ־ישראל האָט דער יידישער פאַשיזם אויסגעפּילט א צעשטערונגס און פאַרניכ־טונגס־ראָל. אין דער בראָשור „דער רעוויזיאָניזם און די ארבעטער־באַוועגונג” דערציילט בן־גוריון :

אין די ערנסטע מאָמענטן פון 1929, ווען די שאַרפע שווערד איז געלעגן אויפן האַלז פון יישוב, האָט די „נאַציאָנאַלע יוגנט” און „ברית־טרומפּעלדאָר” מיט לאָק׳ס דערלויבניש און אונטער דער שוץ פון דער אראבישער פּאָליציי, איינגעאָרדענט א פּראָוואָקאַטיווע דעמאָנסטראַ־ציע ביים כותל מערבי אינם ביטערן און טראַגיקן תשעה־באָב, פאַר די געשעענישן פון 1929.

דאָסזעלבע בילד האָט זיך איבערגעחזרט ביים אָנהויב פון די געשעענישן אין 1936.

„א הפקרדיקע גרופּע בחורים פון די טעראָריסטן האָט דעם 17 אַפּריל 1936 באַהערשט די לוויה פון חזן, וואָס איז מיט א טאָג פריער דערמאָרדעט געוואָרן נאָ־ענט צו תול־כרם. די לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א ווילדע דעמאָנסטראַציע באַגלייט מיט נישטיקע און אומפאַראַנטוואָרטלעכע אויסגעשרייען און לאָזונגען

(„מיר גייען קיין יפו"). דאָס פּלינדערן און באַוואַרפן מיט שטיינער די יידישע און ענגלישע פּאָליציאַנטן האָט זיך געצויגן אויך נאָך דער לוויה. דעמזעלבן טאָג און שבת זיינען פאָרגעקומען עטלעכע איבערפאַלן אויף אַראַבער אין די תל־אביבער גאַסן. דערווייל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אויפן וועג פּתח־תקוה—כפר־סבא זיינען דערמאָרדעט געוואָרן צוויי אַראַבער. עס זיינען נישט געווען קיין באַווייזן, אָבער די העצער האָבן זיך נישט גענויטיקט אין באַווייזן — — (ח. בן־מאיר, „דער רעוויזיאָניזם — א סכנה פאַרן פאָלק").

## כללים פון העכסטן קאַמף

דער סך־הכל איז: די אַראַבישע און נישט־אַראַבישע העצער האָבן געזיגט. און אַ טייל פון זייער אַרבעט איז גע־מאַכט געוואָרן דורך אַנדערע... דער פּראָוואָקאַציע־שטן האָט געטאַנצט צווישן די ווענט פון דער יידישער הגנה (שוץ־אָרגאַניזאַציע) און געדראָט זיי אויפצורייסן. אין די טעג פון דעמאָלטיקע געשעענישן איז אַנטשטאַנען אַ העצע קעגן זעלבסטבאַהערשונג („הבלגה").

דער יישוב, וועלכער קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ האָט פעסטגעשטעלט דעם כּלל: אַן אומדערשיטערטע שטעלונג לגבי די צעשטערער — אויסמיידן פאַרגיסן אומשולדיק בלוט; קעמפן מיט די אָנפאַלער — נישט דערקלערן מלחמה דעם אַראַבישן פאָלק; די דאָזיקע פאַרטיידיקונגס־שיטה איז דורכן יידישן פאַ־שיזם געוואָרן צו שפּאָט און געלעכטער. ער האָט געפאָדערט ענטפערן מיט אַ מאָרד אויף אַ מאָרד; ער האָט געפאָדערט:

נישט קיין קאמף מיט די אַנפאלער — נאָר א קאמף מיט
אראבער. און זיין מאָטיוו דערצו איז געווען: אויב מיר וועלן
ענטפערן מיט א קלאַפּ אויף א קלאַפּ, נאָכמער, אויב מיר וועלן
ענטפערן מיט צען קלעפּ אויף איין קלאַפּ — וועט פאלן א
פחד אויף די אראבער און דער טעראָר וועט אויפהערן. אין
דער בראָשור „יאיר", וואָס די „לוחמי חירות ישראל" (לח"י)־
מענטשן האָבן ארויסגעגעבן צום אָנדענק פון זייער קאָמענדאנט
א. שטערן, דערציילן זיי, אז אין אנהויב פון די געשעענישן
איז שטערן געשטאנען אויף שמירה אין ירושלים. אין די
נעכט האָט ער נאָכגעטראכט וועגן די הגנה־וועגן. ער איז
געקומען צו אן איינפאל. און וואָס איז דער איינפאל?

איבערפירן דעם קאמף אויפן געביט פונם שונא
און שלאָגן אים צענפּאַכיק!

און אזוי האָט ער אָנגעהויבן דאָס „איבערפירן דעם קאמף
אויפן געביט פון שונא". אָנפאלן אויף אראבער אין די תל־
אביבער גאסן און הדר־הכרמל, שיסן פון באהעלטענישן, פון
הינטער פּארקאנס און פארצוימונגען אויף דורכגייענדיקע אראַ־
בער, עס זיינען אויך געווען מאָרד־פאלן אין דער געגנט פון
יידישע יישובים. דעם 21 אַפּריל 1938 האָט ש. בן־יוסף, א חבר
פון צפת'ער בית"ר געשאָסן אויף אן אראבישן אויטאָ. דעם 25
יולי זיינען אוועקגעלייגט געוואָרן מאָרד־באָמבעס אינם אראַ־
בישן מארק אין חיפה פון וועלכע עס זיינען געהארגעט גע־
וואָרן העכער 50 אראבער און 50 זיינען פארוואונדעט געוואָרן.
אלס ענטפער אויף דידאָזיקע מאָרד־פאלן האָט זיך געשטארקט
די אראבישע טעראָר־כוואליע. דער מאָרד־צאָרן האָט זיך צע־
פלאקערט. דער יידישער פאשיזם האָט געהאלטן אין איין ציילן

די אראבישע קרבנות. די יידן, וואָס זיינען טאָג־טעגלעך געפאלן, האָט ער פארגעסן צו ציילן.

## צוויי שיטות

אנטקעגן דער הגנה איז אלזאָ אוועקגעשטעלט געוואָרן א קלאָרע פאשיסטישע שיטה: א שיטה, וועלכע מאכט נישט קיין אונטערשיד צווישן קעמפער און רויקע בירגער, צווישן אַנגרייפער און צווישן פרויען און קינדער, לויטן כלל: וואָס מער מאָרדן — אלץ נאָענטער דער שלום; א שיטה וואָס צווינגט יעדן אראבער זען אין יעדן ייד א שונא, וואָס איז א חוב מיט אים צו קעמפן. א שיטה, וואָס צעפלאקערט דאָס פייער, אָנשטאָט אים איינצולעשן, וואָס צעשפרייט דעם טעראָר אָנשטאָט אים איינצוצוימען, וואָס פירט צו א באהעפטונג פון די אראבישע מאַסן מיט אים, אָנשטאָט אָפּצוטיילן און אָפּצוזונדערן דעם טעראָר פון זיי; א שיטה, וואָס נישט נאָר זי שטעלט אוועק דעם יידישן יישוב אויף אַ וואולקאַן, נאָר זי איז מפקיר די צעשפרייטע יידישע קהילות אין די אראבישע לענדער; א שיטה, וואָס מאכט הייסער דעם קאמף צווישן צוויי צדדים און העלפט דערמיט דעם דריטן צד...

מיר דארפן דאָ אונטערשטרייכן, אז טראָץ די פּראָוואָקאַציע־מעשים פון די אומפאראנטוואָרטלעכע גרופּעס, איז געבראָכן געוואָרן דער אַנגריף־כוח; דער יידישער יישוב האָט זיך פארטיידיקט העלדיש און קלוג. דער אראבישער טעראָר איז געבראָכן געוואָרן: א דאנק דער אומבויגזאמער און אומצווייפלבארער שטעלונג פונם יישוב, וואָס האָט באוויזן, אז עס איז אומעגלעך אונטערצוברענגען דעם יידישן אויפבוי־

ווערק, פּאַראַליזירן דאָס יידישע לעבן און אויסהונגערן זיין ווירטשאפט; א דאנק דאָס אָפּטיילן די רוצחישע אָנפאלער פונם אראבישן פאָלק, איז אָפּגעזונדערט געוואָרן דער טעראָר פון די מאסן. זיין באזע איז וואָס א מאָל מער איינגעשרומפּן געוואָרן און זיינע קוואלן האָבן זיך אויסגעטרוקנט. אינם אומ־פארמיידלעכן נויטווענדיקייטס־פּראָצעס האָט זיך דער טעראָר קעגן יידן פארוואנדלט אין א אינערלעכן טעראָר: אין א טעראָר קעגן די אראבישע מאַסן. ער איז צעבראָכן געוואָרן פון אינעווייניק, אויך פון אינעווייניק.

אבער דער רעוויזיאָניזם, ווי עס איז שוין דערמאָנט גע־וואָרן, האָט זיך געהאלטן ביי זיין שיטה. ער האָט זיך באַרימט מיט זיינע טאטן. די זעלבסט־באהערשונג האָט ער פאראור־טיילט ווי א סימבאָל פון שוואכקייט. די הפקר־מעשים האָט ער אויפגעהויבן צו א סימבאָל פון קראפט. די שטעלונג פון די „חומה ומגדל" יישובים האָט ער פאַרגעשטעלט ווי א „מעשה־כעלם"; דאָס שיסן פון א באהעלטעניש — ווי די העכסטע מדרגה פון גבורה. אינטערעסאנט איז, אז האנט ביי האנט מיט די אָנפאלן אויף די אראבער האָט זיך געפירט דער אינער־לעכער קאמף. עס האָבן זיך פארמערט די טעראָריסטישע ארויסטרעטונגען, דראָונגען קעגן יידישע פּאָליציאנטן, אויס־פּרעסונגען, דראָונגס־בריוו צו מענטשן פון יישוב, וועלכע זיי־נען ארויסגעטרעטן קעגן די „זעלבסטבאהערשונגס ברעכער". נאָכן אויספירן דעם טויט־אורטייל דורך הענגען אויף בן־יוסף'ן האָט זשאבאָטינסקי געשריבן צו דער צ"ח קאָנפערענץ אין טשעכיע:

מיט שטורם און בלוט בויט די געשיכטע דעם

היכל אין וועלכן מיר און נאָר מיר, בן־יוסף׳ס עלטערן
און ברידער, מיר און נישט אנדערע וועלן הערשן און
רעגירן.

די הערשאפט אין יידישן לעבן דאָס איז דער הארץ־באגער.
די אינערלעכע און אויסערלעכע קאמפן זיינען שטופן. טרעפ
„צום היכל".

אויף באָדן פון דעמדאָזיקן צווייפאַכן קאמף איז אנטשטא־
נען אצ״ל, פון צוויי ווארצלען — צוויי, וואָס זיינען איינס —
איז אויסגעוואקסן דער „ארגון צבאי לאומי" (די מיליטעריש־
נאציאָנאלע אָרגאניזאציע).

## אויף דער שוועל
## פון איטאַליענישן פאַשיזם

אין 1935 מיטן באַווייזן זיך פון מלחמה־וואָלקנס, אויפן האָריזאָנט, האָט מ. יערי געשריבן:

דער אינהאַלט פונם רעוויזיאָניזם דריקט זיך אויס אין דער אידעע פון א יידישער מדינה, וואָס וועט אנט־שטיין א דאנק דאָס פארקויפן דעם יידישן יונגן דור אין באַזיץ פון א אימפּעריאַליסטישן באַשטעלער — ער האָט זיך פאָרגעשלאָגן אלס פארבינדעטער צו פּעט־ליוּראַן — פון פּעטליוּראַן איז ער אוועק און פאָרגע־שלאָגן זיך און דאָס בלוט פון דער יידישער יוגנט צו יעדן כוח. און ער וועט זיך נאָך פאָרשלאָגן צו יעדן באַשטעלער און אפילו צום שטן — — אויב עס איז שווער אנצוקומען צום קאָלאָניע־מיניסטעריום, איז נישט אזוי שווער דערגרייכן צו מוסאָליני. עס איז, אלזאָ, נישט אויסגעשלאָסן, אז זיי וועלן געפינען איינער רעם אנדערן, און דערזעלבער כוח, וואָס קויפט די אראבישע רעאקציע — וועט אמאָל ווארפן אן אויג אויף אונזערן קאָנדאָטיער...

דידאָזיקע אָפּשאַצונג האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א פול־שטענדיק ריכטיקע. זשאַבאָטינסקי זעלבסט האָט נישט געזען די פארווירקלעכונג פון זיינע וואונטשן. די אנטי־סאָוויעטישע

סיטואַציע, אויף וועלכער ער האָט געוואַרט א לאַנגע צייט איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. די פראָנט־ליניעס האָבן זיך געצויגן אין אַן אנדער ריכטונג, נישט ווי ער האָט זיך פאָר־געשטעלט. אָבער זיינע תלמידים, די מיליטערישע גלגולים פונם רעוויזיאָניזם, האָבן זיך געהאַלטן ביי דער טעאָריע פון זייער רבין, און זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין ביזן סוף.

## קאָנטאַקט און פאַרבינדונגען

די אויבנדערמאָנטע בראָשור „יאיר" דערציילט אונז וועגן דער שאַפונג פון אצ"ל און וועגן דער ערשטער אַרבעט, וואָס איז דורך אים אויסגעפירט געוואָרן: די באָמבעס־אויפרייסונגען אינם חיפה'ער אַראַבישן מאַרק. שטערן — גיט צו די בראָשור — האָט אויסגעפירט אן אנטשיידנדיקע ראָל.

ער איז געווען דער אידעאָלאָג. ער האָט אויסגע־בּרייטערט די האָריזאָנטן און גענומען אויף זיך אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט אויסלענדישע פאַקטאָרן, אַרויס־ציען די אָרגאַניזאַציע פון דער שמאָלער ראַם פון א קאָנספּיראַטיווע גרופּע און פאַרוואַנדלען זי אין א זעלבסטשטענדיק־פּאָליטישן פאַקטאָר.

די אויפגאַבע, וואָס עס האָט אויף זיך גענומען דער אצ"ל־קאָמענדאַנט האָט אים געבראַכט צו „אייראָפּע־פּאָליטיקער". ער איז צו זיי געקומען, ווי א פאָרשטייער פונם „פאַרקנעכ־טעטן יידישן פאָטערלאַנד".

די „געזעלשאַפטלעכע מיינונג" האָט זיך שטאַרק אנטציקט מיטן אצ"ל־קאָמענדאַנט און האָט אים באַלד באַשענקט מיט גרענעצלאָזן צוטרוי:

און זעט דאָס וואונדער:

נאָך איידער דער קעמפנדיקער כוח האָט זיך באַוויזן אויף דער ארענע, זיינען געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל טשעמאָדאנעס מיט געווער — — די גאַראנטיע פאר די פּאָליטיקער איז געווען יאיר און זיין וואָרט. און ווען, מיטן דונער פון די באָמבעס־אויפרייסונגען אויף די יישובים פון די אָנפאלער, איז פארשוואונדן די הבלגה (זעלבסט־באהערשונג), דעמאָלט האָט די הילף אָנגעהויבן שטראָמען נאָך שטארקער...

און וואָס איז דער פּלאַן, וואָס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאר די פרעמדע פּאָליטיקער? אין נומער פון דער לח״י צייטונג „החזית״ פון 1944, לייענען מיר:

אין 1938 האָט יאיר פאָרגעשלאָגן די אייראָפּעישע רעגירונגען זיין פּלאַן וועגן שאפן א יידיש קאמפּס־מיליטער פון 40 טויזנט מאן, וואָס זאָל אויסגעשולט ווערן און באזאָרגט ווערן מיט אמוניציע, און דאָסדאָזיקע מיליטער זאָל מיט איינמאָליקער אָנשטרענגונג באַשטימען דעם גורל פון ארץ־ישראל. זיינע פּלענער זיינען מיט אויפמערקזאמקייט אויפגענומען געוואָרן און עס זיינען אפילו געמאכט געוואָרן די ערשטע טריט זיי צו פארווירקלעכן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א מאָביליזאציע פון די קעמפער און עס זיינען געשאפן געוואָרן מיליטערישע שולן פאר צוגרייטן אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן.״

ווער זיינען דאָס די אייראָפּעישע רעגירונגען״ פאר וועמען עס זיינען פאָרגעבראכט געוואָרן די פּלענער? ווער איז

דאָס די ליבליכע „געזעלשאַפטלעכע מיינונג״ ? באַהאַלט זיך נישט הינטער איר אונזער אַלטער באַקאַנטער מוסאָליני ? קענען מיר דען אָנעמען אַז ענגלאַנד האָט מסכּים געווען אין 1938 שאַפן מיליטער, וואָס זאָל זי פאַרטרייבן פון ארץ־ישראל ? וואו, אויב נישט אין פּאַשיסטישן רוים האָט געקענט אויפגענומען ווערן מיט אויפמערקזאַמקייט דער פּלאַן פון שאַפן אַ מיליטער פון 40 טויזנט מאַן, וואו, אויב נישט אין רוים זיינען געשאַפן געוואָרן שולן פאַר אָפיצירן...

זאָל פון איצט זיין קלאָר : „דער כּוח, וואָס האָט געקויפט די אַראַבישע רעאַקציע האָט געוואָרפן אַן אויג אויך אויף אונזען קאָנדאָטיער...״ ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן די אַראַבישע טעראָריסטן און האָט אויך נישט אָפּגעלאָזט די יידישע טעראָריסטן. ביידע גלייך האָבן געטון זיין ווילן, און זיי האָבן פאַרוואַנדלט דאָס לאַנד אין אַ וואולקאַן.

אונזערע „פּרייהייטס־קעמפער״ האָבן זיך דערשלאָגן צום פאָדערצימער, אָבער אין זאַל האָבן זיי נישט מצליח געווען אַריינצוקומען. און לאָמיר נישט אָפּנאַרן זיך אַליין : אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין יידישע קוויזלינגען אין דערדאָזיקער מלחמה, איז דאָס נישט די שולד פון די „פּאַטריאָטן״. היטלער און מוסאָליני זיינען אין דעם שולדיק...

## אויפן גלאַטן באַרגאַראָפּ

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך דער אצ״ל געשפּאָלטן. אָנשטאָט איין מיליטעריש־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע האָט מען אונז געבענטשט מיט צוויי. איינע (אצ״ל) האָט זיך געשטעלט, אין דער מלחמה, אויף דער זייט פון ענגלאַנד, די

צווייטע, וועלכע האָט זיך א נאָמען געגעבן „לוחמי חרות ישראל" (לח"י) האָט געטרונקן פון פאַשיסטישן כוס ביזן סוף...

אן אומגלויבלעכער פאקט: אינם פאַלק, וועלכן היטלער האָט באשלאָסן אויסראָטן פון דער וועלט, האָט זיך געפונען א גרופּע „לוחמי חרות", וואָס האָט דערקלערט מיט א פול מויל, אז ער, היטלער, איז נישט דער פיינד נומער איינס:

דערדאָזיקער פּרוכטלאָזער קאמף האָט נישט קיין טעם און איז אומנויטיק. היטלער איז נאָר איין גרויזאמער קאָפּ פון די אלע קעפּ פון דער שרעקלעכער הידרע, און אויב ער וועט אראָפּפאלן, וועלן איר אויסוואַקסן אנדערע קעפּ. אין ענגלאנד, אמעריקע און אויך אין רוסלאנד באווייזן זיך שוין זייערע צייכנס. אונזער אויפגאבע איז עפענען א ריין יידישן פראָנט, וואָס האָט אן איינציקן ציל: דעראָבערן ארץ־ישראל פון די הענט פון גרויזאמען און פרעמדן הערשער. דערדאָזיקער פראָנט קומט פאר אלע אנדערע. („חזית", תמוז תש"ג).

דערדאָזיקער רוף צו עפענען א נייעם פראָנט אין זומער 1943, בשעת די אנטיפאשיסטישע קאָאליציע איז געשטאנען אינם בלוט־קאמף מיטן שונא — וואָס באדייט ער, פון אָביעקטיוון שטאנדפונקט, אויב נישט א רוף פאר א פינפטע קאָלאָננע?

אָבער זאָלן מיר זיך ווייטער צוהערן. אין הערבסט 1942, בשעת די גאנצע קולטורעלע וועלט האָט מיט א ציטער נאָכגעפאָלגט נאָכן גורל פון די שלאכטן — האָבן זיי געזונגען א לויבגעזאנג דעם טאָטאליטארישן רעזשים.

„ענגלאנד איז פריי אין אירע מיינונגען. די פרייהייט פונם פרט, דעמאָקראטיע — פירן זי צום אונטערגאנג.

דייטשלאַנד איז קאָנסערוואַטיוו, זי גלויבט אין איין זאַך, אין איין מיסיע... און דאריבער און צוליב דעם האָט זי געזיגט ביז איצט און דאָס פירט זי צו ווייטער־דיקע נצחונות" (לא"ש, תש"ב, גליון ב׳ מנחם־אב).

עס איז אומגלויבלעך און דאָך א פאַקט: בשעת מיליאָנען יידן זיינען פארברענט געוואָרן דורך היטלערן און די שרעק־לעכע ידיעות זיינען שוין דערגאַנגען צו אונז — האָבן זיך אין ארץ־ישראל געפינען יידן, וועלכע האָבן געזוכט א פארענט־פערונג פארן תליין, און האָבן זיך באמיט פארעכנען די שולד פאר די אויסראָטונגס־מעשים אויפן חשבון פון דער „גרויל־פראָפאַגאַנדע" פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

...די אויגן פון אלע ציוניסטישע מנהיגים זיינען גע־ווענדעט תמיד קיין לאָנדאָן און מאָסקווע. די ציוני־סטישע מחנות — — האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דער שרעקלעכער סכנה, וואָס האָט געדראָט די יידישע מאַסן אין פאַל פון דערקלערן א מלחמה פון יידן אויפן נאַ־צישן דייטשלאַנד. ווער ווייסט צי נישט דידאָזיקע אלע דעקלאַראַציעס און אלע מאָביליזאַציעס פונם אַקציאָנס־קאָמיטעט, און דידאָזיקע גרויל־אַגיטאַציע, וועלכע זיי־נען אָנגעפירט געוואָרן ביים אָנהויב פון דער מלחמה — ווער ווייס צי נישט דידאָזיקע סיבות האָבן גורם געווען צו די פארשטאַרקטע פארפאָלגונגען פון די יידן אין אייראָפּע („יאיר", שבט תש"ד).

זיינען די ווערטער געשריבן דורך „לוחמי חרות ישראל" — „קעמפער פאר יידישער פרייהייט" — אפילו ווען דער נאָמען איז אין גענזפיסלעך? טראַכטן באמת די „לוחמי חרות ישראל", אז „אויב נישט די גרויל־פּראָפּאַגאַנדע" און אויב נישט „די

מאָביליזאַציעס פונם אַקציאָנס־קאָמיטעט", וואָלט היטלער אָפּ־געשווינט די מאַסן פון אונזער פאָלק, און אפשר טראַכטן זיי, אז די פאַרדינסטן פון יידישע קוויזלינגען וואָלטן בייגעשטאַנען, די יידן, די מיט גאַז פּערסמטע ?...

אויך נאָך מוסאָליניס מפּלה האָבן זיינע פאַרערער אָפּגע־היטן די באַציאונג פון פריינטלעכע „נייטראַליטעט" צו אים...

דער פיינט נומער איינס פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער שטרעבונג איז די דעמאָקראַטישע ענגלאַנד, ווייל זי הערשט אין אונזער לאַנד. שווערע נאַציאָנאַלע חשבונות האָט דאָס יידישע פאָלק מיטן נאַצישן דייטש־לאַנד און מיט ראַטן־פאַרבנד. צוויי טאָטאַליטאַרע מאַכטן. די דעמאָקראַטישע אַמעריקע און די פאַשיס־טישע איטאַליע געפינען זיך מער־ווייניקער אויפן נייט־ראַלן געביט. צוליב דערדאָזיקער סיבה דאַרפן מיר נישט ווײנען און זיך נישט פרייען אויף דער צעפאַלונג פונם פאַשיזם אין איטאַליע. נישט ער האָט געקעמפט קעגן דער פרייהייטס־שטרעבונג פונם יידישן פאָלק, און עס איז נאָך נישט באַוואוסט צו דער צוקונפטיקער רעזשים וועט זי שטיצן. („החזית", אב, תש"ג).

ראַטן־פאַרבאַנד און דאָס נאַצישע דייטשלאַנד איז אַלזאָ, — איינס און דאָסזעלבע. די חשבונות מיטן נאַצישן דייטשלאַנד, וואָס האָט פאַרניכטעט די יידן, און ראַטן־פאַרבאַנד וואָס האָט זיי געראַטעוועט — געפינען זיך אויף איין שטופּע. מוסאָליני, דער געהילף פונם תליין — „מער־ווייניקער" נייטראַל.... איז אַלזאָ נישטאָ וואָס צו וויינען, אָבער אויך נישט וואָס זיך צו פרייען...

## וויאזוי האָט זיך אנגעהויבן דער קאמף

אין פרילינג 1942 — עטלעכע מאָנאַטן פאר אל־עלמין האָבן די „לוחמי חרות ישראל" אָנגעהויבן דעם קאמף קעגן דעם „פרעמדן הערשער". דער אָנהויב פון דעמדאָזיקן קאמף איז געווען רויב־אָנפאלן און זיינע ערשטע קרבנות — יידן. זיי זיינען אָנגעפאלן אויף א שליח פון „המשביר" און האָבן געפּרוּווט צורויבן ביי אים געלט. די דורכגייענדיקע האָבן זיך צוגעאיילט ברענגען הילף דעם געפאלענעם. די אָנפאלער האָבן געשאָסן אויף די פּארזאמלטע און דערמאָרדעט צוויי מענטשן. צוויי וואָכן שפּעטער האָבן זיי אוועקגעלייגט א מינע, וואָס האָט אויפגעריסן און פאראורזאכט דעם טויט פון צוויי יידישע אָפיצירן, שיף און גאָלדמאן. זיי האָבן אנגעהויבן מיט געלט־אויספּרעסונגען. זיי האָבן אָפן געדראָט אָפּרעכענען זיך מיט יעדן, ווער עס וועט זיך זיי קעגנשטעלן.

דער טויט פון שטערנען, דעם גרופּע־קאָמענדאנט, האָט אריינגעבראכט א צעטומלעניש. זיינע תלמידים האָבן באשלאָסן דערווייל אָפּלייגן דעם קאמף. נאָך אנדערטהאלבן יאָר האָבן זיי אים באנייט. אויך דאַסמאָל האָט זיך דער קאמף אָנגעהויבן מיט שיסן אויף יידן. זיי האָבן געשאָסן אויפן השומר־הצעיר קן און האָבן פארוואונדעט צוויי יוגנטלעכע. זיי האָבן אָנגעהויבן שיקן דראָונגס־בריוו און האָבן ארויסגעטראָגן א „טויט־אורטייל" אויף איינעם פון די יוגנט־מדריכים.

דעמאָלט האָט אויך אצ"ל באשלאָסן אז „דער וואָפנשטיל־שטאנד מיט דער אונטערדריקונגס־הערשאפט האָט זיך פאר־ענדיקט". די לח"י גרופּע האָט געפייערט איר נצחון און גע־פאָדערט די בכורה פאר זיך:

דער אָנהויב פון דער ווידערשטאנדס־באוועגונג קעגן דער בריטישער הערשאפט אין ארץ־ישראל האָט געמאכט יאיר און א קליינע גרופּע פריינד־תלמידים (שבט תש״ב). זיי זיינען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט איבערצופירן די פראָנט־ליניע פונם אינערלעכן קאמף און קאמף קעגן די אראבער, צו א קאמף מיט דער פרעמדער בריטישער הערשאפט.

לאָמיר דאָ פארצייכנען, וואָס זיי זעלבסט האָבן מודה געווען. דאָ איז קלאָר אנגעצייכנט געוואָרן „די באוועגונג" פון „דער פראָנט־ליניע". פריער א קאמף מיטן אינערלעכן שונא, שפּעטער א קאמף מיט אראבער און איצטער — מיטן פרעמדן הערשער. א „ליניע" וואָס האָט שוין אין זיך א מין באוועגלעכקייט. מען קען זי איבערוואַרפן פון איין אָרט אויפן צווייטן, אהין און אהער, און מען קען אים אויסציען אויף צוויי פראָנטן גלייכצייטיק — „אלץ לויט דער נויטווענדיקייט".

## די „נאר־אזוי״־טעאריע - וואס בעדייט זי?

אצ״ל און לח״י לערנען אונז: „נאָר אזוי״ (רק כך). נאָר מיט א שווערד דעראָבערט מען א פאָטערלאנד. מיר דארפן זיך באפרייען „פונקט ווי עס האָבן זיך באפרייט אלע פעלקער פון אייביק אָן״.

מיר האָבן דאָ דעם גלגול פון א ניגון: אין אָנהויב איז געווען דער לעגיאָן. אָן א לעגיאָן וועט נישט זיין קיין קאָלאָניזאציע, וועט זיך נישט שאפן קיין אינדוסטריע, וועלן נישט קומען קיין יידן. נאָר אזוי: א לעגיאָן. אויב מיר וואָלטן געגאנגען מיט דעמדאָזיקן וועג, וואָלטן מיר איצטער נישט געהאט קיין יידישן יישוב אין ארץ־ישראל. אויב מיר וואָלטן זיך צוגעהערט צו דער עצה פון זשאבאָטינסקיס תלמידים בשעת דער מלחמה, — וואָלט געווען א סוף צום ציוניזם, וואָלטן מיר אונטערגעבראכט די האָפנונג פונם יידישן פאָלק.

נאָך מער: די לח״י־גרופע דערלאנגט אונז די „נאָר־אזוי״־טעאָריע מיט א וואונדערלעכער קאָנסעקווענטקייט. אויב אצ״ל רופט אין נאָמען פון „פולקאָמענהייט און עוואָלוציע״, קומט די לח״י־גרופע און זאָגט: הערצל׳ס אויפאסונג איז געווען דער זינד־אָנהויב פונם ציוניזם. אין 1897 — דערציילן זיי אונז — זיינען צו ד״ר הערצל געקומען צוויי יונגעלייט. דידאָזיקע יונגעלייט האָבן פאָרגעלייגט אים, הערצלען, צו־

נויפּקלויבן 10 טויזנט יוגענטלעכע און „נעמען דאָס לאַנד".
אָבער ד"ר הערצל האָט נישט פאַרשטאַנען די גאַנצע „גרויס־
קייט" פון דעמדאָזיקן פּלאַן. ער האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָר־
שלאַג פון די צוויי יונגעלייט. דאָס מזל האָט צוגעשפּילט דעם
ציוניזם! אויב מיר וואָלטן געשאַפן א מין אצ"ל אָדער לח"י
אין דער צייט פון די בילו"יים — וואָלט די געשיכטע פון
יידישן פאָלק אינגאַנצן אנדערש אויסגעזעען...

## פאַלשע מוסטערן

מיט דערדאָזיקער טעאָריע ווען מיר, פאַרשטייט זיך, נישט
קענען דיסקוטירן. דער פּשוטער שכל איז נישט בכוח זיך צו
פאַרמעסטן מיט דעמדאָזיקן מין געדאַנקען.

מיר קערן זיך אום צו דער כלומרשט זאַכלעכער הנחה,
וואָס איז געמיינזאַם פאַר ביידע טיילן און פרעגן: האָבן זיך
ווירקלעך באפרייט „אַלע פעלקער פון אייביק אָן" אויף די־
זעלבע וועגן און מיט דיזעלבע מיטלען? זיינען דען ענלעך די
באַפרייאונגס־וועגן פון אינדיע צו די באַפרייאונגס־וועגן פון
אירלאַנד, און די באַפרייאונגס־וועגן פון אירלאַנד צו דידאָזיקע
פון פּוילן? האָבן זיך ווירקלעך באפרייט „די פעלקער פון
אייביק אָן" אין דיזעלבע היסטאָרישע באַדינגונגען? האָבן דען
נישט צוגעהאָלפן די נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־באַוועגונגען
באַשטימטע פּאָליטיש־אויסערלעכע באַדינגונגען: איטאַליע איז
באַפרייט געוואָרן מיט דער הילף פון פראַנקרייכס מיליטער,
נאָכדעם, ווי אַלע אויפשטאַנדן און צוזאַמענשטויסן זיינען צע־
שמעטערט געוואָרן דורכן איבערוועגנדן עסטרייכישן כוח;
א טייל פון די באַלקאַנישע פעלקער זיינען באַפרייט געוואָרן

מיט דער הילף פון רוסישן צאַרישן מיליטער; פוילן, טשעכיע א.א.וו. — צוליב דער צעפאַלונג פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מדינה, אַלס רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נאָכמער: איז דען מעגלעך אַריינצוּוואַרפן אין איין טאָפּ אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען? קען מען אויסמישן, למשל, דע־וואַלעראַן — וואָס האָט אויסגעדריקט באַדויערונג צוליב היטלערס טויט — און דעם גרויסן סאָציאַליסט נעהרו? די־דאָזיקע מעטאַפיזישע אויפּאַסונג, וואָס רייסט אָפּ די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און זייערע קאַמפּס־וועגן פון זייער צוזאַמענהאַנג מיט די היסטאָרישע באַדינגונגען, איז אַ קלאָרע רעאַקציאָנערע אויפּאַסונג. אַ מוסטער פאַר דעם קען דינען די ווענדונג צו די לינקע אין דער אצ״ל־צייטונג „חרות״, וועלכע דערקלערט מיט אַ זיגערישן יובעל־לאַרם:

אויב די אוממאָפשרעקבאַרע שטרעבונג צו פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט, אויב די באַנוצונג פון געווער, כדי זי צו דערגרייכן הייסט פאַשיזם — געפינען מיר זיך גאָרנישט אין קיין שלעכטער געזעלשאַפט פון גאַריבאַלדי ביז דע־וואַלעראַ.

אין גאָרנישט קיין שלעכטער געזעלשאַפט? מיר ווייסן בכלל נישט! ביז איצט ווייסן מיר גאָרנישט, ווער איז „די געזעלשאַפט״ — די גאַנצע גאַלעריע נעמען, הינטער וועלכע דער אצ״ל באַהאַלט זיך — גאַריבאַלדי, מאַציני, פּילסודסקי, מאַסאַריק, דע־וואַלעראַ, נעהרו, לענין, סטאַלין — איז נישט מסוגל צו פאַרשטעלן פון אונזערע אויגן דאָס וועזן פון אצ״ל. „די שטרעבונג צו פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט און די באַנוצונג פון געווער זי צו דערגרייכן״ — זאָגט נאָך דערווייל

גאָרנישט. עס באַשטימען די באַדינגונגען, דער טרעגער, דער ציל. „אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג און נאַציאָנאַליזם — האָט געזאָגט ר. לוקסענבורג — זײַנען געגליכן צו אַ ליידיקע קרוג אין וועלכער עס גיסן אַרײַן יעדע תקופה און אירע קלאַסן־באַציאונגען דעם מאַטעריעלן אינהאַלט. אַ באַוועגונג קען זײַן אַ פּראָגרעסיווע אָדער אַ רעאַקציאָנערע. אַלץ לויִטן וועזן און אינטערעסן פונם קלאַס וועמענס טרעגער זי איז.״

און דעריבער, די שטרעבונג צו אַ זעלבסטשטענדיק דײַטשלאַנד און איר פאַראייניקונג, און די באַנוצונג פון געווער זי צו דערגרייכן אין דער תקופה 1848 איז געווען אַ פּראָגרעסיווע שטרעבונג: אַן אויסדרוק פאַר די דעמאָקראַטישע כוחות און אַ באַזע צו פאַרברייטערן דעם כוח פונם אַרבעטער־קלאַס; די שטרעבונג צו אַ זעלבסטשטענדיק דײַטשלאַנד און די באַנוצונג פון געווער זי צו דערגרייכן דורך היטלערן איז געווען פאַשיזם: אונטערדריקונג פונם אַרבעטער־קלאַס, צעשטערונג פון דער דעמאָקראַטיע, באַנײַיאונג פונם דײַטשן אימפּעריאַליזם. „די שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיקייט און די באַנוצונג פון געווער זי צו דערגרייכן״ דורכן פּוילישן פאָלק אינם קאַמף קעגן היטלערן איז געווען סאָציאַליזם, דער וועג צום סאָציאַליזם; „די שטרעבונג צו פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט״ און א.וו. דורך די נ.ס.ז. באַנדעס איז געווען פאַשיזם.

דער מעטאַפיזישער צוגאַנג איז, אַלזאָ, אַ רעאַקציאָנערער צוגאַנג, איינע פון די קאָמופלאַזש־פאָרמען.

## היסטאָרישע פאַרבינדונגען און קאַמפסמיטלען

די „נאָר־אַזוי״־פּרעדיקער וואַרפן אַרײַן אין איין שיסל

אלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין אונטערשיד פון זייער וועזן און זייערע קאַמפּס־וועגן. און דאָס איז א גראָבער פעלער. זאָלן מיר נעמען, למשל, אינדיע. איר קאַמפּס־שיטה, וועמענס אינהאַלט איז ווידערשטאַנד צו טעראָריזם, און אירע פאָרמען — נישט־צוזאַמענאַרבעט און בירגערלעכער ווידערשטאַנד, באָיקאָט פון דער ענגלישער פּראָדוקציע, נעגירן די מאַשין און א צוריקגאַנג צו דער היימיש־דאָרפישער פאַבריקאַציע — די־דאָזיקע שיטה איז אויסגעוואַקסן אין אינדיעס ספּעציפישע באַדינגונגען. א פאָלק וואָס איז גרויס און שוואַך; 90 פּראָצענט פון אים זיינען שווער אַרבעטנדיקע לאַנד־אַרבעטער, אונטערגעיאָכט צום דעם איינגעוואָרצעלטן פעאָדאַליזם; א פּאַסיוויטעט, וואָס איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אין די מאַסן דורך דורות פון קנעכטשאַפט; אָפּגרונטן צווישן סעקטעס און גע־מיינדעס; אן אייגנאַרטיקער קולט, וואָס שרייבט צו דער רעלי־גיע א כאַראַקטער פון א געזעלשאַפטלעכן פאַקטאָר, וועלכער הערשט אויפן לעבן פון מיליאָנען מענטשן — אויפן דאָזיקן באָדן האָט אויפגעבליט א שיטה, וואָס איז אפשר געווען דער איינציקער וועג, וועלכער האָט געקענט אריינברענגען דיסציפּ־לין און אוועקלייגן א יסוד פאַר א ברייטע פרייהייטס־באַוועגונג.

נעהרו, דער סאָציאַליסט און דער מאַרקסיסט, וועלכער האָט זיך באַפרייט פונם גאַנדיזם, דעפינירט דעם גאַנדיזם ווי שיטה, וואָס איז א פּועל־יוצא פון אינדיעס ספּעציפישע באַדינ־גונגען, וועלכע האָט אויסגעפירט אַ רעוואָלוציאָנערע ראָל און האָט אויסגעדריקט היסטאָרישע נויטווענדיקייטן: „וואָס גאַנדי זאָל נישט זיין, צי א רעאַקציאָנער אָדער א רעוואָלוציאָנער, יעדנפאַלס, ער האָט געענדערט דאָס אויסזען פון אינדיע, ער

האָט אריינגעבראכט א געפיל פון שטאָלץ און כאראקטער אינם געטרעטענעם פאָלק. ער האָט געגעבן כוח און באוואוסטזיין די מאסן און ער האָט פארוואנדלט דאָס אינדיע־פּראָבלעם אין א וועלט־פּראָבלעם. די אנטי־טעראָריסטישע שיטה פון נישט־צוזאמענארבעט און בירגערלעכן ווידערשטאנד, דאָס איז אן אייגנארטיקער און מעכטיקער בייטראג, וואָס גאנדי האָט גע־געבן אינדיע, און עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אז זי איז געווען ספּעציעל צוגעפּאסט צו די אינדישע באדינגונגען".

קענען מיר דידאַזיקע שיטה, וואָס „איז ספּעציעל צוגע־פּאסט צו די אינדישע באדינגונגען" איבערטראָגן צו אונז אזוי ווי זי איז? מיר קענען זי צופּאסן, בשעת אן אויסנאם־צושטאנד, צום כלל, וואָס נעהרו אליין האָט אים פאָרמולירט: „נישטאָ קיין פעסטבאשטימטע און אומפּארענדערלעכע שיטה, מען דארף זי שטענדיק צופּאסן צו די באדינגונגען".

## דער מוסטער אירלאַנד

אָדער זאָלן מיר נעמען אן אנדער מוסטער: אירלאנד. די „נאָר־אזוי"־פּרעדיקער דערקלערן: קוקט, א קליין פאָלק האָט מצליח געווען ארויפצוצוואונגען זיין ווילן אויף א גרויסמאכט; עס האָט מצליח געווען מיט צעשטערונגס־אקטן און טעראָר ארויסצויאָגן די ענגלענדער און שאַפן אן זעלבסטשטענדיקע מדינה. די וואָס זאָגן אזוי, ווילן אימיטירן אירלאנד, און דער־ביי מעקן זיי אויס געוויסע פאקטן.

ערשטער פאקט: דער אירישער פרייהייטס־קאמף האָט זיך געפירט הונדערטער יאָרן. יעדנפאלס האָט זיך דער ענג־ליש־אירישער קאמף געצויגן אין משך פון גאנצן נייַנצעטן

יאָרהונדערט. אויב מען זאָל גיין אין אירלאַנדס וועגן און אויב מיר זאָלן אָננעמען, אז דער רעזולטאַט וועט זיין דער בעסטער — וועט דער יישוב דאַרפן קעמפן, לכל הפחות, הונדערט יאָר, כדי ער זאָל פאַרווירקלעכן זיין ווילן. דידאַזיקע, וואָס האָבן אויסגעלאַכט די גאַנצע יאָרן די שיטה „פון נאָך א דונאַם און נאָך א דונאם״ לייגן אונז פאָר אַן אנדער וועג, א שנעלערן און קלאָרערן וועג: נאָך א פּאָליציאַנט און נאָך א פּאָליציאַנט — פּרעדיקט לח״י; נאָך אַן באָמבן־אויפרייס און נאָך א באָמבן־אויפרייס — פּרעדיקט אצ״ל.

צווייטער פאַקט: אירלאַנדס פּראָבלעם איז געווען: אוועקשיקן די ענגלענדער. פאַר איר איז נישט געשטאַנען דער פּראָבלעם: איינצוזאַמלען א צעשפּרייט פאָלק און קאָנצענטרירן אים אין זיין פאָטערלאַנד. אויב גיין אין אירלאַנדס וועגן, וועט דער יישוב דאַרפן קעמפן אין משך פון דורות, און די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גלות וועלן זיך דערווייל דאַרפן ראַנגלען שווער אויף זייערע זיך־ערטער ביז דער קאַמף וועט זיך ענדיקן, אויב ער וועט זיך בכלל ענדיקן גוט...

דריטער פאַקט: די אירלענדער זיינען נישט געווען קיין אירישע מינדערהייט אין דער אַראַבישער מערהייט. דאָס אירישע פאָלק האָט אין זיין איבערוועגנדער מערהייט באַפעלקערט א באַשטימטן ערד־שטח, זיינע שטעט און דערפער. אין דידאָזיקע באַדינגונגען האָט זיך געקענט אַנטוויקלען א פאַרטיזאַנען־שיטה, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער מערהייט פונם פאָלק, אויף דער נאַציאָנאַלער אייניקייט און אויף דער ממשותדיקער הערשאַפט אין זיין פאָטערלאַנד. מיר זיינען א מינדערהייט אין ארץ־ישראל; בלויז א קליינע פּראָ־

צענט פון איר ערד געפינט זיך אין אונזערע הענט; די בערג זיינען באזעצט דורך די אראבער; דער איבערוועגנדער טייל פון אונזער פאָלק געפינט זיך נישט דאָ. א פארטיזאנען־קאמף לויטן מוסטער פון אירלאנד אין ארץ־ישראל הייסט: א קאמף אויף צוויי פראָנטן — פאר אונז — אן ענגלישער פראָנט, און אן אראבישער פראָנט — הינטער אונזער פלייצע; דאָס אָפּ־רייסן זיך פון דעם איבערוועגענדן טייל פון אונזער פאָלק, וועלכער נישט בלויז וואָס ער וועט נישט קענען באטייליקן זיך אינם קאמף, נאָר ער וועט דורך אים געצוואונגען ווערן אָנצונעמען א שטעלונג פון פארענטפערונג, אָפּזונדערונג און אפילו זיך אים שטעלן קעגן. נאָכמער: געוויסע טיילן פון יידישן פאָלק, נישט בלויז וואָס זיי וועלן נישט קענען צוהעלפן אונז אין אונזער קאמף, נאָר זיי וועלן דינען ווי א משכון אין די הענט פון אונזערע פיינט. און צום סוף: א גענאנגל לויטן מוסטער אירלאנד הייסט, נישט בלויז אָפּרייסן זיך פונם יידישן פאָלק, נאָר די נישט־אקטיוויטעט פונם יידישן יישוב זעלבסט, וועלכע לויט זיינע לעבנס־באדינגונגען און זיינע אויפגאבן, וועט נישט קענען אריינטרעטן אין א לאנגדויערנדן „אירישן קאמף", נאָר בלויז אויב ער וועט באשליסן אינגאנצן צושטערט צו ווערן.

פערטער פאַקט: עס איז נישט אינגאנצן פינקטלעך, אז ענגלאנד האָט אין אירלאנד געליטן א מיליטערישע מפלה, אָדער אז זי איז געצוואונגען געוואָרן מוותר צו זיין אונטערן דרוק פונם פיזישן כוח. די ערשטע תקופה פונם אירישן קאמף, די פערנעלס־תקופה, האָט זיך פארענדיקט מיט א פערציכטונג פון די אירלענדער צו באנוצן זיך מיט פיזישן כוח. די נאציאָ־

נאלע באוועגונג האָט דעמאָלט געוואָרט אויפֿן צוריקקומען פֿון דער גלאַדסטאָן־פּאַרטיי צו דער מאַכט, וואָס אין איר רעגירונגס־פּראָגראַם האָבן זיי געזען נייע פֿאַרווירקלעכונגס־פּערספּעקטיוון. דידאַזיקע האָפֿנונגען האָבן אָפּגענאַרט אין די שפּעטערדיקע תּקופֿות פֿונעם קאָנפֿליקט, אָנהויבנדיק פֿון 1912, און דער פֿיזישער כּוח האָט געהערשט מיט זיין גאַנצער מאַכט. קודם־כּל מצד דער אולסטער־גרופּע און שפּעטער מצד דער „סין־פֿיין" גרופּע, אָבער די לעצטע כּוחות־פֿאַרמעס־טונג איז אויסגעמיטן געוואָרן. אין די יאָרן 1912 ביז 1914 האָט אַסקוויט אָפּגעוואָרפֿן די באַנוצונג פֿון כּוח ביז עס איז געקומען די וועלט־מלחמה און זי האָט אים באַ־פֿרייט פֿון דער באַדערפֿעניש צו אַנטשיידן.

פֿינפֿטער פֿאַקט: אַ ריי פֿון ספּעציעלע סיבות האָבן אָפּ־געהאַלטן ענגלאַנד פֿון אַריינטרעטן אין אַן אַנטשיידנעם פֿאַר־מעסטונגס־קאַמף מיט די אירלענדער. אָבער, ווען אין 1921 האָט לאָיד דזשאָרזש פֿאָרגעלייגט מיכאַל קאָלינסן, דעם פֿירער פֿונעם אירישן אויפֿשטאַנד, די ברירה — אָדער איינגיין אויף די באַדינגונגען פֿונעם אָפּמאַך, אָדער אַן אַנטשיידנדער קאַמף אָנהויבענדיק פֿון מאָרגן — האָט קאָלינס זיך דערשראָקן און מסכּים געווען צו די באַדינגונגען. נאָכדעם האָט ער זעלבסט דערקלערט: „מיר האָבן נישט געשלאָגן אונזער שונא און מיר האָבן אים נישט פֿאַריאָגט פֿון אונזער לאַנד מיטן כּוח פֿון געווער".

## אַ טאָפּלטע ווירקונג

זעקסטער פֿאַקט: דער טעראָר האָט צום סוף פֿאַרשטאַרקט אין ענגלאַנד יענע ריכטונג, וואָס האָט געפֿאָדערט נישט אונ־

טערצוגעבן זיך דעם טעראָריזם. די טעראָר־ווירקונג איז אין אָנהויב געווען א טאָפּלטע: זי איז געגאנגען אין צוויי קעגנ־זעצלעכע ריכטונגען. דער היסטאָריקער ר. קעבנער דערציילט וועגן דעם: „פון איין זייט האָט דער טעראָריזם געוועקט די שטרעבונג נישט צו דערלאָזן, אז די פארביטערקייט זאָל זיך אָנזאמלען און וואַקסן — פון דער צווייטער זייט האָט זיך געשטארקט דער ענגלישער ווידערשטאנד און עס איז פעסטער געוואָרן דער באשלוס נישט אָפּצוטרעטן פארן טעראָריזם. אין אלע שטופן פונם קאָנפליקט האָבן עקזיסטירט האנט־ביי־האנט דידאָזיקע צוויי נייגונגען". אָבער ווען דער טעראָר האָט אָנ־גענומען ברייטערע פאָרמען און דימענסיעס, האָט זיך גע־שטארקט די צווייטע נייגונג און עס האָט זיך פארפעסטיקט די קעגנערשאפט נאָכצוגעבן. א ספּעציעל שרעקלעכע ווירקונג האָט געהאט דער מאָרד פונם הויפּט־סעקרעטאר און זיין פאר־טרעטער אין דאבלינער פעניקס־פּארק אין יאָר 1882. ווען גלאדסטאָן האָט נאָכדעם פאָרגעלייגט די אויטאָנאָמיע האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין א ביטערן און שטארקן ווידערשטאנד. נאָכן אָפּווארפן דעם אויטאָנאָמיע־געזעץ, האָבן זיך נאָך אַן אמת געצויגן די טעראָר־אקציעס, אָבער זיי האָבן נישט געהאט קיין שום ווירקונג אויף דער ריכטונג פון אָפּשרעקן די ענג־לענדער. זיי האָבן אינגאנצן אויפגעהערט, ווען באלפור, וועל־כער איז דעמאָלט געווען סעקרעטאר פאר אירלאנד־ענינים, האָט אָנגענומען שטארקע שריט און באוויזן כוח מיט א שטארקער האנט. די אירלענדער האָבן דאן פארשטאנען, אז זיי דארפן זיך אומקערן צום וועג פון „פארלאמענטארישן קאמף".

זיבעטער פאקט: דער אויסערן־טעראָר האָט זיך פאר־וואנדלט אין אן אינערן טעראָר. זיינע קרבנות זיינען געווען די פירער פון דער פרייהייטס־באוועגונג זעלבסט — גריפיט און קאָלינס. דער עקסטרעמער שטראָם פון „סין־פיין" האָט באוויזן — וואָס די לאָגיק האָט אונז געלערנט — אז דער פערזענלעכער טעראָר איז א צווייזייטיקע שווערד און ווענדט זיך אמאָל אהין און אמאָל אהער...

## דער פארבארגענער מוסטער

און אינטערעסאנט: די „נאָר־אזוי" פרעדיקערס באמיען זיך און העלפן זיך ארויס מיט די ווייטסטע מוסטערן פון אלע פעלקער און צייטן. איין מוסטער, דעם נאָענטסטן פון צייט און אָרט־שטאנדפונקט, פארגעסן זיי צו ברענגען: דעם מוסטער פונם נאָענטן שכן. און אינדעראמתן, אינם יסוד פון זייער אָנ־שויאונג ליגט די נאָכאמונג פון דער אראבישער קאמפס־פאָרם, פון אראבישן טעראָר. זיי האָבן טעראָר־באנדעס — מיר אויך. זיי האלטן פון שלאָגן — מיר אויך. זיי האָבן אויסגעאיבט א דרוק און דערגרייכט זייערס — מיר אויך. אָבער די פרעדיקערס פונם „געלייטערטן נאציאָנאליזם" האָבן ווידער פארגעסן די „נאציאָנאלע" באדינגונגען. זיי פארגעסן אז דער אראבישער טעראָר איז נישט געשטאנען פאר דער נויטווענדיקייט פון עליה און התיישבות. זיין געאָגראפישער שטח שפרייט זיך נישט אויס אויף א שמאָלן ים־פאס, נאָר ער פארנעמט אן אָרט אין דער וועלט, וואָס האָט אן אנטשיידענע באדייטונג.

און דער עיקר: זיי פארגעסן, אז די באלוינונג איז נישט געגעבן געוואָרן צוליב דעם אראבישן טעראָר־כוח, נאָר א

דאנק דער געאָגראַפיע און דעמאָגראַפיע. דידאָזיקע צוויי זאכן, וואָס זיינען דער מקור פון כוח פון דעם „אראבישן עניין”, זיי זיינען אויך — אין דער איצט באהאנדעלטער פראגע — דער מקור פון שוואכקייט אין דעם „יידישן עניין”. די „געאָגראַפיע” פונם יידישן פאָלק קען אויך דינען אלס מקור פון כוח, אָבער אין אן אנדער געראנגל־שיטה, ווי מיר וועלן שפּעטער דער־מאָנען.

דער אויספיר איז: דער וואָס מאכט בלינדע קאָפּיעס פון מוסטערן און באווייזן, האָט א טעות און פירט אריין אין א טעות אויך אנדערע. די ממשותדיקע באדינגונגען אין וועלכע עס קומט פאָר אונזער באפרייאונגס־פּראָצעס, באשטימען דאָס וועזן פון דער ציוניסטישער באוועגונג, זיינע פארווירקלע־כונגס־וועגן און דעם כאראקטער פון זיין געראנגל.

## דער יידיש־נאציאָנאלער פּראָבלעם

דידאָזיקע רעאקציאָנערע קאָנצעפּציע לגבי די נאציאָנאלע באוועגונגען און זייערע באפרייאונג־וועגן באשטימט דעם צוגאנג פון אצ״ל און לח״י צו דעם יידיש־נאציאָנאלן פּראָבלעם.

עס איז פאראן אן ענלעכקייט צווישן אונז און צווישן אנדערע באפרייאונגס־באוועגונגען. און עס איז פאראן אן אונטערשיד. דער אונטערשיד? — יעדער קען עס פארשטיין. די אויפגאבען וואָס שטייען פאר דער יידישער באפרייאונגס־באוועגונג זיינען אנדערע, מער קאָמפּליצירט. דאָס יידישע פאָלק איז געשלאָגן דורכן גלות, דורך דער צעשפּרייטקייט. דער ציוניזם וויל אים אויסלייזן. דער פרייהייטס־קאמף פונם יידישן פאָלק איז אין זיין וועזן — קאָנצענטראציע פון די

יידן אין זייער היימלאַנד, עליה דורך אַלע וועגן, זייער איינ־וואָרצלונג אינם לעבן פון אַרבעט און שאַפונג, אויפלעבן די ארץ־ישראלדיקע וויסטענישן, אַנטוויקלונג פון אירע אוצרות, נישט מיט שווערדן בויט מען חורבות. די קאַמפּס־וועגן פון די פאַרקנעכטעטע פעלקער ווערן באַשטימט דורך זייערע פּראָדוק־ציע־באַדינגונגען. די באַפרייאונגס־וועגן פונם יידישן פאָלק ווערן באַשטימט דורך זיינע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. דורך דער נויטיקייט צו צוגרייטן נאָרמאַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, ענלעך „צו אַלע איבעריקע פעלקער״.

ווער עס האָט געזאָגט, אַז דאָס טשעכישע מיליטער האָט געשאַפן טשעכאָסלאָוואַקיי, האָט זיך אויסגעדריקט נישט פּינקטלעך. ער פאַרטוישט דעם רעזולטאַט מיט דער סיבה. נישט דאָס טשעכישע מיליטער האָט געשאַפן טשעכאָסלאָוואַקיי, נאָר דאָס טשעכישע פאָלק. דער פאַקט פון זיין איינגע־וואָרצלטקייט אין זיין לאַנד, אין זיינע שטעט און דערפער, האָט גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פונם טשעכישן מיליטער.

קורץ גערעדט: די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון די איבע־ריקע פאַרקנעכטעטע פעלקער איז געווען אַ מיליטעריש־מדינהשער אַקט. די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פונם יידישן פאָלק איז אַ פּראָצעס פון געזונט מאַכן די יסודות, פון געזונט מאַכן דאָס פאָלקס־לעבן.

דאָס איז דער ערשטער אונטערשיד. און עס איז אויך פאַראַן אַן ענלעכקייט. אָבער די ענלעכקייט איז נישט קיין אויבערפלעכלעכע, נאָר אַ וועזנטלעכע. אינדעראמתן איז אויך די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון די פאַרקנעכטעטע פעלקער

געקומען נאָכן פּראָצעס פון געזונט־מאכן די יסודות. די מילי־טערישע איינמאָליקע שלוס־אַקציע איז געווען דאָס לעצטע רינגעלע אין דער קייט, די פארענדיקונג פונם פּראָצעס. מיט אנדערע ווערטער: אויך די פארקנעכטעטע פעלקער — אין זייערע ספּעציעלע באדינגונגען — האָבן דורכגעמאכט א תקופה פון איבערשיכטונג, פון „טאַט און אויפבוי".

ווען זיינען אנטשטאנען די נאציאָנאלע באפרייאונגס־באוועגונגען? דער מיטלאלטער האָט זיי נישט געקענט. זיי האָבן זיך געשאפן אינם נייַנצעטן יאָרהונדערט, אין דער קאפּיטאליזם־תקופה. די פארקנעכטעטע פעלקער האָבן, קודם־כל, געליטן פון דער געזלשאפטלעכער אנאָמאליע. זיי זיינען אינם גרעסטן טייל געווען ערד־ארבעטער, זיי זיינען געווען צעשפּרייט אין פערשידענע געגנטן און פּראָווינצן. אָן קולטור און אָן איינהייטלעכער שפּראך. דער קאפּיטאליזם האָט געשאפן געזעלשאפטלעך־ווירטשאפטלעכע פאַרענדערונגען אויף זייער וועג צו פּאָליטישער באפרייאונג. די געגנטן און פּראָווינצן האָבן זיך פאראייניקט אין איין גאנצע איינהייט. עס איז אנטשטאנען דער נאציאָנאלער מארק. עס האָט זיך אָנגעהויבן די באפעלקערונגס־איבערוואַנדערונג פון דאָרף אין שטאָט, עס איז אנטשטאנען אן ארבעטער־קלאַס, עס האָט זיך געשאפן א ליטעראטור און אן איינהייטלעכע שפּראך. די אנאָמאליע פון די פארקנעכטעטע פעלקער איז פארשוואונדן. אין א באשטימטע שטופע פון דעמדאָזיקן פּראָצעס — אין באַ־שטימטע פּאָליטישע אינטערנאציאָנאלע באדינגונגען — איז אדורכגעפירט געוואָרן „דער איינמאָליקער אקט" פון פּאָלי־טישער באפרייאונג.

## הערצל און „די צוויי יונגעלייט"

דאָס איז די ווענטלעכע ענלעכקייט צווישן אונזער באַפרייאונגס־באַוועגונג און אנדערע באַוועגונגען. עס איז פאַראַן נאָך אן ענלעכקייט — און ווידער א ווענטלעכע ענלעכקייט און נישט נאָר פון ערשטן בליק: יעדע נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־באַוועגונג האָט געוואוסט וויאזוי צו אקטיוויזירן אירע כוח־מקורות און האָט זיך נישט געיאָגט נאָך כוח־מקורות וואָס זיינען נישט געווען אין אירע הענט.

הערצל האָט אָפּגעוואָרפן דעם אוואַנטוריסטישן פּלאַן פון יענע „צוויי יונגעלייט". הערצל האָט געוואוסט, אז ציוניזם הייסט אויסלייזן דאָס פאָלק דורך אויסלייזן די ווּיסטעניש. ער האָט געוואוסט וואו עס געפינט זיך דער מקור פון אונזער פאָלקס־כוח און וואו ער געפינט זיך נישט. ער האָט געוואוסט — ער און נישט יענע אוואַנטוריסטישע „צוויי יונגעלייט" — וואו אונזער כוח איז א ממשותדיקער כוח און וואו ער איז נאָר א טראַגיקאָמישער סוראָגאַט, אַן אילוזיע, אן אוואַנטורע. הערצל האָט געוואוסט — און צוזאמען מיט אים דער ציוניזם, נאָך פון זיין אָנהויב אָן — אז עס איז אומעגלעך צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם אָן דער שאַפנדער און נישט־צוריקשרעקנדער זעלבסט־אָנשטרענגונג פונם יידישן פאָלק און אָן דער אינטערנאַציאָנאַלער הילף און איר אונטערשטיצונג. ווייל עס איז אומעגלעך צו באַזעצן ארץ־ישראל „נאָר אזוי", מיט שווערדן און ביקסן, אָבער עס איז מעגלעך דורך אָנשטרענגונג און אויסלייזונג פונם יידישן פאָלק און דורך דאָס „עפנטלעכע רעכט פון אלע פעלקער"; ווייל עס איז אומעגלעך צו פאַרווירקלעכן דאָס מעכטיקע ווערק פון איבערפירן יידן קיין

ארץ־ישראל אָן דער הילף פון די פעלקער און אָן דער אינ־
טערנאַציאָנאַלער אונטערשטיצונג.

קען דער ציוניזם ביים היינטיקן טאָג מוותר זיין אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער הילף און אויפן גערא נגל צו דערוועבן דידאָזיקע הילף? קען זיך דען אימיצער פאָרשטעלן, אז דאָס מעכטיקע ווערק פון שיבת־ציון קען פארווירקלעכט ווערן קעגן דעם ווילן פון די וועלט־פעלקער? קען דען אימיצער טראכטן, אז אפילו אזא, פראָפּאָרציאָנעל, „באשיידן" ווערק, ווי די עליה פון די הונדערט־טויזנט יידן קען אדורכגעפירט ווערן אָן דער אינטערנאַציאָנאַלער הילף, אָן דער הילף פון ענגלאנד, אמע־ריקע און ראטן־פארבאנד, אין קעגנזאץ צו איר?

## די הילף פון די דריי מאכטן

מיר זיינען פאראינטערעסירט אין דער הילף פון ענגלאנד. און דערפאר איז אונזער קאמף געווענדעט נישט קעגן ענג־לאנד, נאָר קעגן דער „ווייס־בוך"־פּאָליטיק. נאָכמער: מיר זיינען פאראינטערעסירט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער הילף, און דערפאר דארפן מיר דערווערבן, קודם־כל, די הילף פון אמעריקע און ראטן־פארבאנד. אין די היינטיקע פּאָליטישע באדינגונגען הייסט יעדע אינטערנאַציאָנאַלע הילף פאר ארץ־ישראל — אינטערנאַציאָנאַלע אויפּזיכט אויפן לאנד. יעדע רעגולאציע צווישן די גרויסמאכטן הייסט ביים היינטיקן טאָג א באדינג פארן שלום. יעדע אויסמיידונג פון רעגולאציע און צוזאמענארבעט איז א סכנה פארן שלום. דעריבער זיינען מיר פאראינטערעסירט אז ארץ־ישראל זאָל זיך נישט געפינען אינם אינטערנאַציאָנאַלן שטרייט־געביט, נאָר אינם געביט פון

אינטערנאַציאָנאַלער רעגולאַציע און צוזאַמענאַרבעט. נישט אונטער דער הערשאַפט פון איינעם, נאָר אונטער דער אינטער־נאַציאָנאַלער הערשאַפט פון די דריי. ארץ־ישראל זאָל נישט זיין קיין מיליטערישע באַזע קעגן אימיצן, נאָר א באַזע פאַר פּראָגרעס און שלום.

אין איינקלאַנג מיט דידאַקטיקע עלעמענטאַרע אינטערעסן ראַנגלען מיר זיך קעגן ענגלאַנד׳ס אַנטי־ציוניסטישע פּאָליטיק און פאַר דערוואַרבן איר הילף און די הילף פון אַמעריקע און ראַטן־פאַרבאַנד.

מיר קעמפן, מיר זיינען געצוואונגען צו קעמפן. „ווי אַלע איבעריקע פעלקער״, ענלעך צו די איבעריקע פעלקער ראַנגלען מיר זיך אין היסטאָריש־קאָנקרעטע באַדינגונגען. ענלעך צו זיי מאָביליזירן מיר, מיר זיינען געצוואונגען צו מאָביליזירן די כוח־מקורות, וואָס געפינען זיך אין אונזערע הענט. ענלעך צו זיי דאַרפן מיר וויסן וואו געפינט זיך דער מקור פון אונזער כוח און וואו — דער סוראָגאַט, די אילוזיע, די אַוואַנטורע.

## די מקורות פון אונזער כוח

אין וואָס זיינען די כוח־מקורות פון דער ציוניסטישער באַוועגונג? 1. די גערעכטיקייט פון אונזער זאַך און די ריינקייט פון איר פּאַן. 2. דער פאַקט פון צעשפּרייטקייט און גלייכצייטיק פון קאָנצענטראַציע פונם יידישן פאָלק. 3. דער עפנטלעכער און אַקטועלער יידישער נויט־כוח און דער פאַרבאָרגענער און היסטאָרישער נויט־כוח. 4. דער אָרגאַניזירטער באַפרייאונגס־ווילן פון די יידישע מאַסן. 5. דאָס אויפבוי־ווערק, וואָס איז אַנטשטאַנען אין ארץ־ישראל, זיין שאַפונג און פאַרגרעסערונג

דורך דער עליה און באזעצונג פון יידן אין אלע אומשטענדן און פאר יעדן פרייז, די סימפאטיע און דער דרוק פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג און פון די פראָגרעסיווע וועלט־כוחות.

דידאָזיקע כוח־מקורות באשטימען דעם כאראקטער פון אונזער קאמף און פון אונזערע געראנגל־וועגן. די טעראָר־אָרגאניזאציעס לייקענען אָפּ די היסטאָרישע באדינגונגען, אין וועלכע עס ווערט פארווירקלעכט אונזער באפרייאונגס־ווערק, און זיי זיינען אָפּגעריסן פון זיינע כוח־מקורות. זייער „קאמף" דעהויבט נישט אונזער פאָן נאָר באפלעקט זי. ער אקטיוויזירט נישט דעם יישוב נאָר פאראליזירט אים. ער שטארקט נישט אונזערע פריינט, נאָר שוואכט זיי אָפּ. ער דערנידריקט נישט אונזערע פיינט, נאָר דערמונטערט זיי. ער פארפעסטיקט נישט דאָס אויפבוי־ווערק, נאָר דראָט אים חרוב צו מאכן.

דאקעגן האָט דער חלוצישער געראנגל, די גרויסע קאמפן פון ביריה, גבעת־חיים—עין־החורש אויפגעשטורעמט דאָס יידישע פאָלק אין די גלות־לענדער און אויפגעוועקט די געזעל־שאפטלעכע מיינונג אין דער וועלט. זיי האָבן אקטיוויזירט דעם יישוב און געשאפן די פאָלקס־פארטיידיקונג. זיי האָבן נישט דערלאָזט, אז דער שונא זאָל אקטיוויזירן זיין כוח און האָבן דעמאָנסטרירט אונזער אייגענעם כוח — די נישט־צוריקשרע־קענדע שטעלונג פאר די רעכט פון עליה און איר דורכפירונג. זיי האָבן דערמונטערט פריינט און דערנידריקט פיינט, זיי האָבן איבערצייגט דעם יישוב און די וועלט, אז סאָלדאַטן־מערדער זיינען נישט קיין פרייהייטס־קעמפער. אז פרייהייטס־קעמפער זיינען נאָר די, וועלכע זיינען גרייט פארטיידיקן

יידישע עולים אויך דעמאָלט, ווען אנטקעגן זיי שטייען די־
וויזיעס פון סאָלדאַטן.

## אן שום אחריות

די פּרעדיקער פון דער „נאָר־אזוי״־טעאָריע, נישט נאָר
וואָס זיי רייסן אָפּ דאָס יידישע באפרייאונגס־ווערק פון זיינע
ממשותדיקע באדינגונגען, נאָר זיי רייסן אויך אָפּ פון יעדער
אחריותדיקער אויסרעכנונג. און נאָכאמאָל „אזויוויי אלע
פארקנעכטעטע פעלקער״. אָבער אויך בעת א מלחמה ממש
זיינען טַעטיק פאקטאָרן, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון עקזיס־
טירנדיקע באדינגונגען.

נאָכן מינכנער־אָפּמאך האָט זיך היטלער ארייננגעריסן קיין
טשעכאָסלאָוואקיי. זיין מיליטער האָט מארשירט איבער די
פּראגער גאַסן און די טשעכן זיינען געצוואונגען געווען זיך
צו צוקוקן ווי דער שווערער פוס פון דעראָבערער האָט גע־
טרעטן זייער זעלבסטשטענדיקייט. זיינען זיי ארויסגעטרעטן
אין א מלחמה? האָבן זיי גערופן צו אן אויפשטאנד? האָט דען
בענעש אין די לאנגע יאָרן פון דער דייטשער אינוואזיע נישט
גערופן צו פארקריצן די ציין און ווארטן אויף א צייכן? דאָס
טשעכישע פאָלק האָט געוואויגן די באדינגונגען און די כוחות
וואָס שטייען קעגן אים. ער האָט אויסגעמיטן אן אנטשיידונגס־
שלאכט. ער האָט געוואוסט, אז פאר זיין לעבנס־שונא איז
זייער געוואונטשן דערדאָזיקער שלאכט, ווייל אין אים וועט
פאלן דאָס פאָלק און וועט זיך נישט קענען אויפהויבן. ווען
זיינען זיי ארויס אין אן אנטשיידענעם שלאכט? ווען דאָס דייט־
טשע מיליטער איז צעשמעטערט געוואָרן און דאָס סאָוויעטישע

מיליטער איז געשטאנען אינם טויער פון דער שטאָט.

ווער עס שטעלט פעסט דורך אן איבערפלעכלעכן באַווייז, אן אבסאָלוטע אידענטיפיקאציע צווישן אונזערע באדינגונגען און די באפרייאונגס־באדינגונגען פון די איבעריקע פעלקער, דער פארוואנדלט די ווירקלעכקייט אין עפעס נישט־עקזיס־טירנדיקעס און דאָס נישט־עקזיסטרנדיקע אין א ווירקלעכקייט. פילסודסקי האָט באפרייט פוילן! — האלטן אין איין דערמאָנען אונז די „נאָר־אזוי״־פרעדיקער. געוויס, פילסודסקי האָט פאר־טריבן די דייטשן בעת דאָס דייטשע מיליטער האָט געליטן אן אנטשיידענע מפלה און עס איז אָפּגעטרעטן אין אַ פאניק צו די דייטשע גערענעצן, בעת אין פוילן איז געווען א פוילישע מערהייט און נישט קיין פוילישע מינדערהייט אין דער ארא־בישער מערהייט.

די ווירקלעכקייט פונם יידישן פאָלק, די ווירקלעכקייט פון ארץ־ישראל איז אן אנדערע. אנטקעגן אונז שטייען מעכטיקע כוחות. דאָס ענגלישע מיליטער אנטלויפט נישט אין א פאניק פון לאנד. אין קעגנטייל, שטארקע כוחות פארפעסטיקן זיך אין דעמדאָזיקן וועלט־ווינקל. אונזערע שונאיםווארטן, אז מיר זאָלן ארויס אין אן אנטשיידענעם קאמף. זיי ווארטן אויף א געלעגנהייט פטור צו ווערן פון אונז. זיי וועלן דאָס נישט דערגרייכן אויב די אינעווייניקסטע צעשטערער וועלן זיי נישט העלפן...

## ווער איז „נילי״

די „נאר־אזוי״ פרעדיקער זיינען אינגאנצן אָפּגעריסן פון די פאָלקס־מקורות. זיי אליין זיינען זיך אין דעם מודה און באַרימען זיך מיטן „נייעם יחוס״. זיי שרייבן, אז נאָר זיי

געהערן צו דער נייער ראסע און אז זיי שטאמען פון די גדעו־נים און פון דער „נילי״־גרופע. ווער זיינען דאס די גדעונים און די „נילי״־גרופע״, וואס דינען אלס הויפט־מוסטער פאר דער נייער ראסע ?

די גדעונים און „נילי״ זיינען געווען א באוועגונג פון קאלאניסטישע יוגנט אין זכרון־יעקב און ראשון־לציון. די באוועגונג איז געשאפן געווארן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דידאזיקע קאלאניסטישע יוגנט האט געקוקט מיט א שלעכט אויג אויף דער עליה פונם גלות. זייער טעאריע איז געווען : די יידן וואס קומען פון אויסלאנד זיינען גלות־יידן און נישט זיי וועלן ברענגען די באפרייאונג. דידאזיקע אויפגאבע דארף אויסגעפירט ווערן דורך דער איינגעבוירענער ראסע — די ארץ־ישראלדיקע יוגנט. דורך דער נעגירונג פון דער ארבעטער־באוועגונג און דער זעלבסטשוץ איז די קאלאני־סטישע יוגנט דערגאנגען ביז דער אפלייקענונג פונם עצם געדאנק פון יידישער עליה קיין ארץ־ישראל. זיי האבן אנגע־הויבן טרוימען וועגן א בועז־רעזשים : די יידישע מינדערהייט דארף הערשן אין לאנד, די ארבעטער־מערהייט וועט זיין אן אראבישע. זיי וועלן טון יעדע ארבעט אויפן פעלד און אין גארטן, און די קאלאניסטן וועלן זיין די הערשער. א מאדנער געדאנק ? — ניין, האבן געטראכט די גדעונים. לערנט דען דאס נישט די געשיכטע ? די ענגלישע מינדערהייט הערשט אין אזא גרויסער מדינה ווי אינדיע. נאר וואס, די ענגלענדער הערשן אין אינדיע מיטן כוח פון געוועהר און דערדאזיקער מיטל געפינט זיך נישט אין די הענט פון די גדעונים. זיינען טאקע די גדעונים געקומען צום באשלוס : מיר דארפן ענגלאנד

פאַרלייגען א ספעציעלע דינסט. אלס באלוינונג פאר דער־דאָזיקער דינסט וועלן די ענגלענדער מאכן די יידן פאר ארץ־ישראלדיקע הערשער, און פון צווישן די יידן וועלן זיי באַשטימען פאר די הערשער די, וועלכע געהערן צו דער „ריינער ראסע".

בעת דער וועלט־מלחמה האָבן די גדעונים און די „נילי"־גרופּע געפירט שפּיאָנאַזש־ארבעט פאר די ענגלענדער, כדי צו באקומען א באלוינונג...

אינם מעמואַרן־בוך „וועגן ארץ־ישראל אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה" — א בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן יאָרן איידער עס זיינען געוועזן אצ"ל און לח"י — דערציילט מ. סמיליאנסקי:

אין זכרון־יעקב האָט זיך דעמאָלט געפונען א גרופּע בחורים מיט א „פאשיסטישער" אויפאסונג, נאָך איידער דער „פאשיזם" איז געקומען אויף דער וועלט. זייער נאָמען איז געווען גדעונים, און זייער קאָמענדאנט — איינער פון די אהראָנסאָנס זין — אלעקס. די אויפגאַבע פון דער גרופּע איז געווען א טאָפּלטע: איינע א נעגאַטיווע — קעמפן מיט די לינקע; די לינקע — דאָס זיינען זעלבסטסטפארשטענדלעך, געווען די ארבעטער און א צווייטע א פאָזיטיווע — שאפן א קערן פון „יידיש מיליטער". אויך די אידעע פונם „מיליטער" איז געקומען, זעלבסטספארשטענדלעך, צוליבן געדאנק פונם קאמף מיט די לינקע; די לינקע האָבן געהאט דעם „השומר", האָט מען גערארפט שאפן אן אָרגאניזאציע,

וועלכע זאָל ברענגען א מין „גלייכגעוויכט". (מ. סמי־לאַנסקי, זכרונות, תרפ"ט).

איצט איז אונז פארשטענדלעך ווי אזוי עס זיינען זיך צוזאמענגעקומען דער יעגער־הונט מיטן רויב־פויגל... דער ציוניזם האָט, זעלבסטפארשטענדלעך, אָפּגעוואָרפן די שיטה פון שפּיאָנאַזש־דינסט; דעם געדאנק, אז א פאָלק קען קויפן זיין פרייהייט דורך דינסט־מעשים; דער ציוניזם האָט אָפּגע־וואָרפן די רעכט פון איינצעלנע צו שטעלן אין געפאר דעם כלל; ער האָט אָפּגעוואָרפן די פאנטאזיע וועגן דעם קאָלאָניאלן בוֹעז־רעזשים — קורץ, אלע די „דערהאבענע געדאנקען" פונם יידישן פאשיזם און „זיין יוגנט", וועלכע ווערן היינט מיט באנייטער ענערגיע דעמאָנסטרירט דורכן יידישן פאשיזם אין זיין „רייפקייט"...

סמילאנסקי גיט צו אין דעמדאָזיקן קאפּיטל:

מיין באַציאונג, ווי די באַציאונג פון א סאך אינם יישוב, איז געווען אבסאָלוט קעגן דערדאָזיקער דערשיי־נונג, וואָס האָט געפונען אן אָרט אין אונזער לעבן; און נישט נאָר פון מורא פארן גורל פונם יישוב, נאָר אויך פונם עקל־געפיל צו דערדאָזיקער מלאכה. געוויס זיינען מיר נישט אזוי נאיוו, כדי נישט צו פארשטיין, אז שפּיאָנאַזש איז אן אומבאדינקטע דערשיינונג אין יעדער מלחמה — אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן: אויב א פאָלק אָדער א גרופּע מענטשן גייען קעמפן אָדער פארטיידיקן זיך זעלבסט. דידאָזיקע זיינען געצוואונגען נעמען אויף זיך אויך די שפּיאָנאַזש־אויפגאבע. אָבער נישט אזוי איז די לאגע, אויב א פאָלק אָדער א גרופּע

מענטשן נעמען אויף זיך נאָר די שפּיאָנאַזש ראָל, נישט באַטייליגענדיק זיך פיזיש אין דער עצם מלחמה.

### „דעגענערירטער תחום־המושב"

מיר האָבן אַלזאָ דערקענט נאָך איינעם פון די „נאָר אַזוי״ שטאַם־פּאַטערס. און טאָמער מיינט איר, אַז דידאָזיקע, וועלכע באַציען זיך מיט ביטול צו אַלע טיילן אינם יידנטום, האַלטן דערפאַר זייער שטאַרק פונם „פּאַטערלאַנד", האָט איר אַ טעות. אין אַ ריי פון זייערע בלעטלעך דעמאָנסטרירן זיי זייער אמתע באַציאונג. למשל:

מיט גרינגשעצונג האָבן די מנהיגים — די „פּאָלקס־פּאַסטוכער" פאַרדרייט זשאַבאָטינסקיס ציוניסטיש־פּאָליטישע טעאָריע, און זיי זיינען דערגאַנגען ביז אַ יידישן תחום־המושב. זיי האָבן פאַרשפּרייט אַ דעגענע־רירטע טעאָריע און דערמיט דעגענערירט דאָס פאָלק. עס האָט נישט קיין באַגייסטערונג פאַר אַ גרויסן דער־האַבענעם אידעאַל און עס האָט נישט קיין ווילן צו קעמפן פאַר באַפרייאונג.

און דער אַרטיקל־שרייבער רופט אויס פול מיט הייליקן צאָרן:

„נישטאָ קיין גרענעץ צו דער געמיינקייט און צום ציניזם פון דעמדאָזיקן יישוב!" („להב", כסלו תש״ג, „לאש", שבת תש״ג).

### די פּסיכאָלאָגיע פון אחריותלאָזיקייט

אַזוי אַלזאָ זעט אויס אין די אויגן פון דער „בייע ראַסע"

זייער פּאָטערלאַנד, דאָס פּאָטערלאַנד וואָס דאַרף „אויסגעלייזט ווערן פון פרעמדע הענט״, דאָס לאַנד וואָס דאַרף דינען אַלס „לאַנד פון דער יידישער מיליטערישער אירידענטע״.

וואָס איז דען פאַר אַ וואונדער, אַז זיי זיינען גרייט מפקיר צו זיין אין יעדער צייט און אין יעדן מאָמענט דעם געטאָ אין פּאַלעסטינע, ברענגען אין געפאַר זיין לעבן און זיין צוקונפט. איבערן גורל פון אַ „דעגענערירטן תחום־המושב״ ציטערט מען נישט און מען האָט נישט פאַר אים קיין אחריות. הערט זיך צו:

> אין קעגנזאַץ צו חיבת־ציון, אין קעגנזאַץ צום ווערק פון שאַפן און בויען, זיינען „נילי״ געגאַנגען מיט דער ריכטונג פון כוח און דינאַמיק. זייער געדאַנק איז געווען — ראַטעווען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק און דע־ריבער איז אויך כדאי געווען ברענגען אין געפאַר די עקזיסטענץ פון אַ יידישן יישוב אין פּאַלעסטינע.״ (לַאֶש מוסף תש״ג).

אָט דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פון פאַרשידענע פאַשיסטיש־„נילי״סטישע אייניקלעך: אַ פּסיכאָלאָגיע פון אַבסאָלוטער אחריותלאָזקייט לגבי דעם פאָלק און דעם יישוב, און די גרייטקייט אוועקצושטעלן אין יעדן מאָמענט זיין לעבן און זיין גורל אויף דער קאָרט. אַ מין נייער „נאַציאָנאַל־פּאַטער־לענדישער״ אָרגאַניזם, וועלכער איז אָפּגעריסן פון דער נאַציע און אָפּגעריסן פון פּאָטערלאַנד. ער נעמט נישט קיין אַנטייל אין די אַקציעס פון חלוצישן העלדנטום, נישט אין די שאַפונגס־פּראַנטן. זיין לעבנס־מקור איז די שווערד. פונדאַנען נעמט זיך די פאָדערונג פון מלחמה און מיליטערישער דעראָבערונג, דער „געזאַנג פון בלוט און שלאַכטן״. פונדאַנען נעמט זיך די

אבסאָלוטע פאַרדרייאונג פון די באַגריפן וועגן גבורה און מוט. פונדאַנען נעמט זיך דאָס פאָרשטעלן די רויקע און ריינע חלוצישע גבורה ווי פּחדנות און הילפסלאָזיקייט, און דאָס לויבן די הפקרדיקע טאַטן, אלס העכסטן פּונקט פון גבורה און קרבנות־גרייטקייט. פונדאַנען נעמט זיך דאָס אַנטקעגנשטעלן דעם נייעם לעבנס־אידעאַל, דעם העראָיש־מיליטערישן לעבנס־אידעאַל קעגן דעם גרויען פּראָלעטאַרישן לעבנס־אידעאַל. דאָס איז די אונז אַזוי גוט באַקאַנטע דערציאונגס־שיטה פון דער געשיכטע פונם פאַשיזם.

## צוויי וועגן פון געראַנגל

די פאַרווירקלעכער פונם ציוניסטישן חלוציזם זיינען לעבנס־בויער. פאַר דעמדאָזיקן לעבן, פאַר זיין פאַרטיידיקונג זיינען זיי גרייט צו שטאַרבן. אָבער נאָר „צוליבן לעבן גייען די אַרבעטס־מענטשן צום טויט". דאָס לעבן און נישט דער קאַמף, די זעלבסטשוץ און נישט דער אַנגריף, דאָס אויפבוי־ווערק און נישט דער דראַנג צו מלחמה, די דעראָבערונג פון דער וויסטעניש און נישט די מיליטערישע דעראָבערונג — דאָס איז זייער אינהאַלט און זייער אויפגאַבע.

חנה סענעש, די שליחה־פּאַראַשוטיסטין, וועלכע האָט געשריבן אין איר טאָג־בוך (אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָטעסט אויפן „ווייס־בוך" פון 1939) : „איך זע נישט קיין שום זין אין די שטאָטישע צוזאַמענשטויסן, וואָס זיינען געווענדעט צו באַווייזן דער וועלט אונזער ווידערשטאַנד. אַ שאָד אויף יעדן טראָפּן בלוט, וואָס ווערט אומזיסט פאַרגאָסן" — זי איז דאָך די, וועלכע האָט שפּעטער אָוועקגעגעבן איר פלאַמעדיק בלוט

אין דער דרייסטער רעטונגס־שליחות. און דער מענטש, וועל־
כער האָט זיך געווענדעט מיט דעם שטיל־דערהויבענעם רוף:
„עס איז גוט צו שטארבן פאר אונזער לאנד, — דער האָט
איבערגעבן דעם דור און האָט פארווירקלעכט אין זיין לעבן
דעם געבאָט: „זאָלסט גוט געדענקן, אז דו גייסט קיין ארץ־
ישראל נישט כדי צו באווייזן גבורות, נישט כדי צו ברענגען
קרבנות — נאָר צו ארבעטן".

## איז דאס ווירקלעך אנטי־אימפעריאליזם?

די טעראָר־אָרגאניזאציעס פאָדערן א קאמף קעגן דעם פרעמדן פאָלק. אָבער אינדעראמתן איז זייער כוונה א קאמף קעגן צוויי פרעמדע פעלקער, נאָר מיט א כיוון דריקן זיי נישט אויס זייער כוונה ביזן סוף. זיי דעקן אָפּ איין קאָרט און פארדעקן צוויי, ווייל עס איז א צייט פון קאָמופלאזש.

מיר זיינען קעגן די ארבעטער? — פרעגן זיי מיט פאר־ביטערונג. מיר האָבן געבראָכן שטרייקן און געקעמפט קעגן די „רויטע משרתים"? נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. מיר האַלטן זייער שטארק פון דער ארבעטערשאפט. נאָך מער: די ארבעטערשאפט איז דער הויפּט־טרעגער פונם באפרייאונגס־קאמף (לח"י). מיר האָבן אויסגעלאכט דאָס אויפבוי־ווערק א.א.וו.? עס הייבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס. „די קעמפנדיקע יוגנט האָט זיך געפרייט מיט יעדן קיבוץ, וואָס איז ארויף אויף דער ערד, מיט יעדער פאבריק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין לאנד" („הגשמה" תש"ד). מיר זיינען קעגן די אראבער? — דאָס איז גרויל־פּראָפּאגאנדע. „מען באמיט זיך פאָרצושטעלן אונז ווי א אונטער־גראָבענדער פאקטאָר". (אצ"ל, דאָרט).

און נישט נאָר דאָס, די גאַנצע אידעאָלאָגיע פון דידאָזיקע גרופּעס הילט זיך איין, אין דער לעצטער צייט, אין א מאַנטל פון אַנטי־אימפּעריאַליזם. איידער מיר וועלן באַטראַכטן די „מקורות" ווען מיר פרעגן א פראַגע וועגן דעם געדאַנקנגאַנג: איז מעגלעך סאָציאַליזם אָן קלאַסן־קאַמף און אַנטי־אימפּעריאַליזם אָן אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט? איז מעגלעך, למשל, אין דעמדאָזיקן וועלט־ווינקל אַן אַנטי־אימפּעריאַליסטישער קאַמף אָן דער אַנטוויקלונג פון א זעלבסטשטענדיקן יידישן אַרבעטער־קלאַס, אָן א פעסטער צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַראַבישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אָן א פעסטער צוזאַמענאַרבעט מיט פּראָגרעסיווע כוחות אינם מיטל־מזרח? איז דען געווען אין דער געשיכטע א פּרוּוו פון ברענגען סאָציאַליזם אָן קלאַסן־קאַמף און אַנטי־אימפּעריאַליזם אָן פעלקער־ברידערלעכקייט?

יאָ, עס איז געווען אַזא פּרוּוו און ער הייסט פאַשיזם. דער פאַשיזם האָט אַנטוויקלט א ריין־דייטשן „נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם", וועלכער האָט אויפגענומען דעם אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קאַמף פון „פּראָלעטאַרישן" דייטשן פאָלק. ער האָט זיך געשטיצט אויף די אַנטי־אימפּעריאַליסטישע וואונטשן פון די מאַסן און אויף דעם צעפאַלונגס־פּראָצעס פון דער קאַפּי־טאַליסטישער ווירטשאַפט אין דער וועלט. און אַזוי אַרום איז געקומען צו דער פעלשונג פון דעם באַפרייאונגס־קאַמף פונם דייטשן פאָלק; אַנשטאָט אַן אַרבעטער־קלאַס — די דייטשע ראַסע אַלס פּראָלעטאַרישע ראַסע; אַנשטאָט קלאַסן־קאַמף — א פּראָלעטאַרישער קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע מדינות,

קעגן אינטערנאציאָנאלן קאפיטאל; אנשטאט אן איבער־קלאסן געזעלשאפט — א כלומרשטע פאָלקס־געמיינדע.

נעמט מען אוועק ביים סאָציאליזם דעם קלאסן־קאמף, נעמט מען אוועק ביים אנטי־אימפעריאליזם די אינטערנאציאָנאלע סאָלידאריטעט — באקומט זיך פאשיסטישער קאָמופלאזש.

## די באציאונג צום שכנישן פאלק

דידאָזיקע פארמאסקירונג ווערט קלאָר, יעדעס מאָל, ווען מיר רירן זיך צו צו דער באציאונג פון די טעראָר־אָרגאני־זאציעס צום אראבישן פאָלק.

די ענגלענדער גיבן נאָך די אראבער, ווייל זיי באַ־ווייזן די נוצלעכקייט פון זייער כוח. און אויב דער יידישער יישוב וועט באווייזן זיין כוח, וועט קומען אן ענדערונג אין דער ענגלישער פאָליטיק. און זיין כוח קען דער יידישער יישוב באווייזן שלאָגענדיק די אראַ־בער (די אונטערשטרייכונג אינם אָריגינאל). („יאיר" תש"ד).

די לענין־ציטירער האָבן, אלזאָ, אָנגעהויבן זייער „אנטי־אימפעריאליסטישן" קאמף מיט דעם לאָזונג: שלאָגן די אראבער.

אויך דער אצ"ל טענהט, אז:

אויב מיר וועלן נעמען אין אכט דעם אראבישן פאקטאָר... וועט זיין נוטיק ארויסצוטרעטן אין א שווערן קאמף קעגן צוויי פיינטלעכע פאקטאָרן.

דער באפרייאונגס־קאמף הייסט, אלזאָ, א קאמף נישט נאָר קעגן איין פאָלק, נאָר קעגן צוויי פעלקער.

נאָכן באזיגן דעם פיינט — פארזיכערט די אצ"ל־גרופּע — וועט קומען דער פרידן אין לאנד, און די אראבער וועט פאר־זיכערט ווערן פולע רעכט.

דזשעמאל חוסייני טענהט פאר דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אז ער קעמפט נישט מיט יידן. נאָך דעם ווי עס ווערט צעבראָכן ווערן זייער ווידערשטאנד, וועט ער אויס־שטרעקן צו זיי זיין האנט און וועט זיי ארויסווייזן פריינט־שאפט. אויך אונזערע פאטריאָטן טענהן אזוי. דזשעמאל חוסייני איז איבערצייגט, אז נאָך דעם, ווי די יידן וועלן איינזען, אז זיי האָבן נישט קיין ברירה, וועלן זיי זיך אונטערגעבן און אין לאנד וועט הערשן שלום. אויך אונזערע פאטריאָטן אזוי. דזשעמאל חוסייני, דער אנטי־אימפּעריאליסט, טענהט: זאָלן אוועק די ענגלענדער און מיר וועלן זיך שוין אן עצה געבן מיט די יידן. אויך אונזערע „אנטי־אימפּעריאליסטן" זאָגן דאָס־זעלבע: זאָלן אוועק די ענגלענדער, און מיר וועלן זיך שוין אן עצה געבן מיט די אראבער. דאָס איז א יידישע אויפלאגע פונם אראבישן פאשיזם. אוןביידע, זעלבסטפארשטענדלעך, אין אן אנטי־אימפּעריאליסטישער איינבאנד...

„מיר קעמפן נישט מיט די אראבער" — דערקלערט אויך לח"י, און ער ברענגט אָן א שיעור ציטאטן פונם סאָציאליזם, און לייגט פּאָר א פּראָגראם פון „אן ארבעטער און פּויערן מדינה". אָבער אין די „פּרינציפּן און אויספירן" — די „גרונט־שטיינער", וועלכע א. שטערן האָט אוועקגעלייגט פאר דעם „פרייהייטס־קאמף", לייענען מיר:

די חירות־ישראל ארגאנזאציע לעבט און קעמפט, כדי צו שאפן א יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. די

גרענעצן פונם לאנד וועט זי זעלבסט פעסטשטעלן מיט
דער הילף פון דער דעראָבערונגס־שווערד.

נאך א סאך וועט דארפן קעמפן אונזער פאָלק אין
זיין לאנד ביז ער וועט אויסשפרייטן זיין הערשאפט
אויף די גויים און ביז ער וועט דעראָבערן נייע לענדער,
און דערפאר וועלן יידישע קינדער דארפן נאָך א סאך
דורות גיין אין חדר און לערנען די שווערד־מלאכה
און נאָך א סאך דורות וועט די יידישע מלוכה אויסזען,
ווי א מיליטערישער לאגער אינם אראבישן מדבר.

דעראָבערונגס־מיליטער, מלוכה מיליטער, הערשאפט
איבער די גויים, דעראָבערונג פון נייע לענדער, א מיסיע אינם
מדבר — מען קען נישט אָפּלייקענען: אן אויסגעשפּראָכענער
אנטי־אימפעריאליסטישער פּראָגראם...

## א ראיה פון לענינען...

און דאָס שטוינענדיקע אין דעם איז, וואָס ארטיקלען פון
דעם מין פארענדיקן זיך מיט פסוקים פון לענינען... איינער
פון די שרייבער, למשל, ווענדעט זיך צו דער ארבעטערשאפט
זיי זאָלן גיין אין די וועגן פון „נאָר אזוי", ווייל „דער ארבעטער
דארף שטיין אינם שפּיץ פון די קעמפער". אזוי האָט דאָך
געלערנט לענין:

...דער פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט
פארשטאנען, אז די נאציאָנאלע פרייהייט איז קודם פאר
דער געזעלשאפטלעכער פרייהייט.

דער מחבר איז נישט גאנץ פּינקטלעך. אז די נאציאָנאלע
פרייהייט איז קודם פאר דער געזעלשאפטלעכער פרייהייט —

דאָס האָט נישט געזאָגט לענין. דאָס האָט געזאָגט אַלפרעד ראָ־זענבערג, דער נאַצישער אידעאָלאָג. די נאַציס האָבן געזאָגט קלאָר, אַז די נאַצישע „נאַציאָנאַלע" רעוואָלוציע איז קודם פאַר דער געזעלשאַפטלעכער רעוואָלוציע, ווייל עס עקזיסטירט נישט קיין אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם, נאָר א „נאַציאָ־נאַלער, א דייטשער" סאָציאַליזם. לענין האָט נישט אָפּגעטיילט די נאַציאָנאַלע פרייהייט פון דער סאָציאַלער פרייהייט, דעם סאָציאַליזם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. לענין האָט געזאָגט: אַזויווי עס איז נישטאָ קיין געזעלשאַפטלעכע פרייהייט אָן נאַציאָנאַלע פרייהייט, אַזוי איז נישטאָ קיין נאַציאָ־נאַלע פרייהייט אָן געזעלשאַפטלעכע פרייהייט. דאָס האָט געזאָגט לענין. און דידאָזיקע טאַקטיק (און נישט די פּאַשיסטישע טאַקטיק) האָבן געלערנט די יידישע פאָלקס־מאַסן אין ארץ־ישראל. זיי האָבן געלערנט פון לענינען, זיי האָבן זי באַקומען פון באָראָכאָוון. נאָך מער: זיי פאַרווירקלעכן זי פאַקטיש שוין צענדליקער יאָרן. דידאָזיקע פּשוטע זאַך האָט נישט געוואוסט די לח"י גרופּע. דאַרף מען זיך וואונדערן, וואָס זיי האָבן עס נישט געוואוסט? ווייל פונוואַנען האָבן זיי עס געקענט וויסן? אין דער צייט, ווען די „יידישע פאָלקס־מאַסן" האָבן געשאַפן די אַרבעטער־הסתדרות, האָבן געבויט די חלוצישע ווירטשאַפט, האָבן דערצויגן די יוגנט צו פאַרווירקלעכונגס־מעשים, ווען זיי האָבן זיך מאָביליזירט צום קאַמף מיטן נאַצישן פיינט, האָבן דורכגעבראָכן וועגן, כדי צו ראַטעווען יידן — א שטאַרקע און מוטיקע אונטערנעמונג, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין די ווערטער פון דער פּאַראַשוטיסטין־שליחה חביבה רייק, וואָס געפינענדיק זיך אין דער נאַצישער שלאַנגן־

נעסט, האָט זי געשריבן צו אירע חברים אין ארץ־ישראל: „יעדן טאָג וואָס איך לעב איבער איז דאָס פאר מיר א מתנה; איין געדאנק פילט אויס מיין נשמה: ראטעווען וואָס עס לאָזט זיך נאָך ראטעווען.״ — מיט וואָס איז געווען פארנומען די לח״י גרופע אין דערזעלבער צייט און וואו איז געווען געווענ־דעט זייער בליק?...

## די שאל און דער קערן

מיר דארפן זיך אָפּשטעלן אויף נאָך איין פונקט. לייענענדיק דעם מאטעריאל פון דידאָזיקע אָרגאניזאציעס שטעלט זיך נישט איין מאָל די פראגע: גלייבן זיי דען אליין אין זייערע ווערטער? גלייבן זיי דען, אז אין דידאָזיקע באדינגונגען און אין דעמדאָזיקן מצב וועלן זיי מיט רעוואָלווערן פאריאָגן דעם „פרעמדן דעראָבערער״? צווישן די פארשידענע ציטאטן, וועלכע באווייזן אפלאָנטער פון מיסטיק, רעליגיאָזיטעט און געפעלשטע היסטאָרישקייט, טרעפן מיר זיך אָן אין א ציטאט פון אזא מין:

„די אויפלעבונגס־פרינציפּן און זייער אויפקלערונג, דאָס איז די טייערסטע ירושה, וואָס עס האָט אונז איבערגעלאָזט אונזער קאָמענדאנט. די קאָמענדאנטור האָט זיי געהאלטן און האלט זיי פאר גאוניש ריכטיקע, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן דורכן יידישן משיח. אזוי איז אויך זיין געדאנק א געטלעכער־געדאנק, וואָס ער האָט אים באקומען פון דער שכינה און פונקט, ווי טייער עס איז אונז די תורה פון באַרג סיני, אזוי טייער זיינען אונז די אויפלעבונגס־פרינציפּן, וועלכע גאָט האָט

איבערגעגעבן, אין זיין לייטזעלקייט, דעם נביא פונם דור — יאיר׳ן.

(לאש, גליון ח׳ חשון תש״ג).

עס זיינען פארענטפערט געוואָרן אלע אונזערע איינווענדונגען. אויב דורך זיין מויל רעדט צו אונז די שכינה — טאָ פארוואָס זאָלן מיר נישט גלייבן, אז מען קען פאריאָגן ענגלאנד מיט רעוואָלווערן, און טאקי ווי אמשנעלסטן?

אָבער דאָך, צוזאמען מיטן טיפן גלויבן, באגנוגענען זיך דאָך נישט דידאָזיקע אָרגאניזאציעס נאָר מיט גאָטס הילף, זיי פארלאָזן זיך נישט אויפן נס, זיי שטיצן זיך אויך נישט נאָר אויף זייער כוח, מיר האָבן דאָך געהערט וועגן די רייזעס פון א. שטערן און וועגן זיינע באמיאונגען צו פארבינדן באציאונגען מיט די „אייראָפעישע מדינות״. ווי מיר געדענקן, איז ער צו די מדינות געקומען ווי „א פאָרשטייער פונם פאָטערלאנד, וואָס דאָס פאָלק וויל אים באפרייען, אָבער זיינע כוחות גענוגען נישט דערצו. ווי עס זעט אויס דארף די דערלייכטערונג און די רעטונג קומען פון אן אנדער אָרט און נישט דווקא פון הימל.

אלזאָ דאָס, ווי מיר האָבן געזעען, איז דער גרונט־געדאנק פונם רעוויזיאָניזם און פון „נילי״ פון שטענדיק אָן: דינסט פאר באלוינונג, א שווערד צו פארדינגען. מער ווי קעמפן מיט די ענגלענדער, וואָלטן זיי וועלן אויספרעסן איר פריינטשאפט.

„אויב מיר וועלן קעמפן, וועט זיך די וועלט איבערצייגן, אז מיר זיינען נוצלעכע פארבינדעטע״ — דעקלערט אָפן „חרות״. „די מיליטערישע פעיקייט — גיט צו די צייטונג און קלערט אויף — וועט איבערצייגן די אנגלאָ־זאקסישע וועלט״.

צו באווייזן די נוצלעכקייט פון א פארבינדעטן — נאך דעמדאָזיקן אידעאל יאָגט זיך דער רעוויזיאָניזם שוין יאָרן. אין אָנהויב האָט ער געוואָלט באווייזן פאר די ענגלענדער זיין נוצלעכקייט דורך אָנפאלן אויף די לינקע; שפּעטער האָט ער געוואָלט באווייזן זיין נוצלעכקייט און... אָנגעפאלן אויף אראבער.

אָבער די ענגלישע רעגירונג, ווייזט אויס, האָט נישט אָפּגעשאצט די „מיליטערישע פעיקייט" און אויסגעקליבן עפּעס אנדערש. זי האָט געגעבן דאָס „ווייס־בוך". פאַרוואָס האָט זי עס געטון? אויף דעם ענטפערט אונז די אצ"ל־ציַיטונג:

„ווייל ענגלאנד האָט געוואוסט אז איר איינציקע שטיצע איז שטויב".

און אזוי זיינען מיר געקומען צו דער דריטער שטופע: צו באווייזן די ענגלענדער די נוצלעכקייט דורך שלאָגן די ענגלענדער.

## פאררעקונג און אויפרעקונג

יאָרן האָט זיך געצויגן דער וועטקאמף צווישן דער אראבישער רעאקציע און דער יידישער רעאקציע: ווער איז א בעסערער שטיץ־פּונקט פאר דעם ענגלישן אימפּעריאליזם. נאָענט צום אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך די אראבישע רעאקציע געלאָזט אויפן וועג, אויף וועלכן עס האָט אויך געפּרוווט גיין דער יידישער פאשיזם, אָבער, ווי באוואוסט, איז ער פאר אים פארמאכט געוואָרן, און נישט צוליב זיין שולד... איצטער, מיט דער סיטואציע־ענדערונג האָבן זיך ווייטער באווייזן אויסזיכטן פאר די שווערד־פארדינ־

גער. אן אנטי־סאָוויעטישע קאנסטעלאציע, אויף וועלכער עס האָט אזוי לאנג געהאָפט דער פירער פונם רעוויזיאָניזם, האָט איצט א סך מער אויסזיכטן, ווי פריער. עס האָט ווידער אויפ־געלעבט דער טרוים פונם לח״י־גרינדער:

„קעמפן צוזאמען מיט דער מאכט, וואָס וועט אנער־קענען, אז דאָס יידישע פאָלק איז דער איינציקער גע־זעצלעכער באלעבאס פון דעמדאָזיקן לאנד״.

און דעריבער אינם עצם שטורמדיקן „קאמף מיט דער אונטערדריקונגס־הערשאפט״, דערציילט אונז אצ״ל, אז נאָך דעם, ווי עס וועט דערגרייכט ווערן דער ציל, וועט געשאפן ווערן א יידישע רעגירונג, וועלכע וועט

„פאַרלייגן אין נאָמען פון סובערענעם ארץ־ישראל און דורכן באוואוסטזיין פון געמיינזאמע אינטערעסן אן אָפמאך פון קעגנזייטיקע הילף מיט גרויס־בריטאניע״.

די ווערטער ווערן געזאָגט דורך א רמז. אָבער מיר ווייסן, וואָס דאָס הייסט אין אונזערע איצטיקע צייטן, ווערטער וועגן געמיינזאמע אינטערעסן, וועלכע קומען פון א קערפערשאפט, וואָס אלארמירט און ווייזט אָן שוין יאָרן אויף

„דער סאָוויעטישער און אראבישער אָריענטאציע פון די ציון־פארעטער״.

(„חרות״ 1943).

און אויך א מוסטער פון א סובערען און זעלבסטשטענדיק לאנד זעען מיר אין דער לעצטער צייט אין דער נאָענט: דאָס איז די עבר־הירדן מלוכה. אבער אצ״ל איז זיך נוהג, ווי געזאָגט, אין דער לעצטער צייט, צוליב אנטי־אימפעריאליס־טישע פארמאַסקירונגס־טעמים, אויפדעקן איין קאָרט און פאר־

דעקן צוויי. דערפאר דערציילט אונז דער פּאָליטישער רעוויזיאָניזם אלץ וואָס ער טראכט.

אין אָנהויב מערץ 1945 (דאָס הייסט עטלעכע חדשים פארן איבערנעמען די מאכט דורך דער „לייבור") איז ארויסגעפאָרן קיין לאָנדאָן א דעלעגאציע פון דער „הסתדרות הציונית החדשה" (הצ"ח). צוליב וואָס איז זי געפאָרן קיין לאָנדאָן? וועגן דעם דערציילט אונז דער הויפּט־אַרטיקל אין „המשקיף":

„באלד וועלן מיר שטיין פאר א זייער וויכטיקע פּאָליטישע ברירה. רוסלאנד איז פארוואנדלט געוואָרן אין א זייער שטארקע מאכט מיט לעבנסוויכטיקע אינטערעסן אין דעמדאָזיקן טייל וועלט — א סאך יידן סימפּאטאזירן מיט רוסלאנד און מיטן קאָמוניזם. עס שאפט זיך א גרויסע מעגלעכקייט פון אונזערע א פּאָליטישע אָריענטאציע, צוליב וועלכע מעט דארפן זוכן דרינגענדע מיטלען, וויאזוי מיט אונז אדורכצוקומען."

האָבן מיר אלזאָ א רעוויזיאָניסטישע „פּאָליטישע אָריענטאציע" „אויף איין פוס". מיר וועלן זיך איצטער נישט פארנעמען מיט דער פראַגע, צי די תקופה פון „זוכן מיטלען וויאַזוי מיט אונז אדורכצוקומען" איז טאקע געקומען — אָבער פונוואנען נעמט דער רעוויזיאָניזם, אז מען וויל דווקא אדורכקומען מיט אים? אמת איז, אז אין קעגנזאץ צו „א סך יידן וואָס סימפּאטיזירן מיט רוסלאנד און מיטן קאָמוניזם" — איז דער רעוויזיאָניזם אנטי־סאָוויעטיש און אנטי־לינק. אָבער פונוואנען נעמט ער עס, אז זיין אנטי־סאָוויעטישע און אנטי־לינקע דינסט איז געוואונטשן? אפשר וועט מען אויסקלויבן די דינסט פון אנדערע, שטארקערע און גרעסערע פאר אים, פון א געזעל־

שאפט, וואָס פערמאָגט וויינינקער „סימפּאַטיקער פון רוסלאַנד און פונם קאָמוניזם״? אָבער מיר פאַרנעמען זיך איצט נישט מיט אָפּשאַצונגען. מיר שטעלן נאָר פעסט פאַקטן. און די פאַקטן זאָגן:

אין דער צייט, ווען די אצ״ל־בחורים — די פאָרשטייער פונם מיליטערישן רעוויזיאָניזם — זיינען געווען אריינגעטון אינם קאַמף קעגן ענגלאַנד — זיינען אוועק די הצ״ח־דעלע־גאַטן, פאָרשטייער פונם פּאָליטישן רעוויזיאָניזם, פאַרלייגן ענגלאַנד זייער דינסט. „מלחמה״ און „שלום״ זיינען נישט מער, ווי צוויי זייטן פון איין מטבע. דער קריג מיט ענגלאַנד איז נאָר א פאָדערצימער, כדי צו קענען אריינקומען אינם זאַל פונם אימפּעריאַליזם...

## צי איז נישט פאַראַן אַן אַנאַלאָגיע צווישן דער פאַרגאַנ־גענהייט און צווישן דער צוקונפט?

דאָס און נאָך. מיר האָבן געהערט וועגן א פּלאַן, וואָס דער אצ״ל־קאָמענדאַנט האָט פאָרגעלייגט דער „אייראָפּעישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג״. איר נאָמען איז אונז נישט אויס־געזאָגט געוואָרן. אָבער אין דערזעלבער בראָשור ווערט אָפּן דערציילט וועגן באַציאונגען מיט „פרעמדע פּוילישע פּאָלי־טיקער״, און וועגן אָפּמאַכן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף א געוועלנלעכן אופן, אָן געשריבענע אונטערשריפטן.

ווער און וואָס זיינען די „פרעמדע פּוילישע פּאָליטיקער״ אין יאָר 1938, מיט וועלכע דער אצ״ל־קאָמענדאַנט האָט גע־פירט „פאַרהאַנדלונגען ווי מיט א פאַרבינדעטן״, כדי צו באַ־האַנדלען און באַשטימען וועגן ענינים פון „אַן אינטערנאַציאָ־

נאלער וויכטיקייט" — איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. אָבער פונוואנען ווייסן מיר, אז דידאָזיקע באציאונגען מיט יענע „פרעמדע פאָליטיקער" וועלן נישט באנייט ווערן? באזונ־דערעס, ווען די לח"י לייט פארזיכערן אונז („יאיר" תש"ד):

א סאך פון די פאָליטיקער מיט וועלכע יאיר האָט זיך געטראָפן געפינען זיך איצט זעלבסט אין גלות און זייער לאנד איז פארקנעכטעט. און נישט איינער פון זיי געדענקט דעם יידישן יונגערמאן, וואָס איז פאר אים דערשינען — קען זיין אז מאָרגן וועלן זיי זוכה זיין צו דער באפרייאונג פון זייער לאנד און דעמאָלט וועלן דערשיינען פאר זיי די שליחים פון דער פרייהייטס־באוועגונג אין נאָמען פון יאיר און פון זיין גלויבן."

איז דען נישטאָ קיין יסוד צו גלויבן, אויפן גרונט פון דער רייכער פראקטיק, אז דער „מאָרגן" איז נישט ווייט, און אז עס וועט ווידער זיין א מעגלעכקייט צו פירן אונטערהאנדלונגען מיט א פארבינדעטן „וועגן עניינים פון אן אינטערנאציאָנאלער וויכטיקייט"?

# מארקסיזם און טעראריסטישע טאקטיק

ביז איצט האָבן מיר זיך באנוצט מיטן טערמין טעראָר־ארגאניזאציעס. מיר ווילן איצט אויפקלערן אונזער קעגנער־שאפט צו דערדאָזיקער שיטה.

דער מארקסיזם האָט באלד פון אָנהויב אָן נעגירט דעם אינדיווידועלן טעראָר. ער האָט אָפּגעוואָרפן דאָסדאָזיקע געווער, דאָס „געווער פון די קורצזיכטיקע, אָפּגעריסענע פון דער געזעלשאפט און אנטוישטע". ער האָט אָפּגעוואָרפן די קאָנצעפּציע וואָס האָט אים געבוירן: דעם גלויבן, אז עס איז מעגלעך צו באצווינגען דעם רעזשים דורך א „צווייקאמף צווישן דער רעגירונג און א באנדע פון באוואָפנטע" (לענין).

די באגרינדונגען וואָס דער מארקסיזם האָט געבראכט קעגן דעם אינדיווידועלן טעראָר זיינען געווען דריי, וועלכע זיינען בעצם איינס: דער רעוואָלוווער פונם טעראָריסט טרעפט דעם פּאָליציי־מאן און טרעפט נישט דעם רעזשים; ער באפרייט נישט די מאַסן, נאָר טרעפט אין זיי און מאכט זיי הפקר פאר נקמה־אַקטן; ער טרעפט אין די, וואָס באנוצן זיך מיט אים, אין זיי זעלבסט, דורך דעם וואָס ער דערפירט צו פארדאָר־בענקייט און פארפוילטקייט.

## צווישן מארקס און באקונין

ווער וועט ברענגען די באפרייאונג? אויף דעם האָט געענטפערט מארקס: דער ארבעטער־קלאס, זיין קלאסן־קאמף,

זיין פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע. די קעגנער פונם מאַרקסיזם האָבן געזאָגט: דער קאַמפּס־טרעגער איז די פּאַראייַנזאַמטע יוגנט, די פּאַראָרעמטע קליין־פּויערן. נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַנטוישט אין דעמדאָזיקן קאַמפּס־טרעגער, האָבן זיי באַשלאָסן אויספּירן דעם באַפרייאונגס־ווערק אָן אים, און זיי זיינען אַוועק אויף אַ וועג פון געהיימען אויפשטאַנד און פאַרשווערונגס־אָרגאַניזאַציעס.

מאַרקס האָט אָנגעוויזן אויף דער סכנה וואָס איז פאַר־בונדן מיט דערדאָזיקער שיטה און אויפן תהום, אין וועלכן עס קענען זיך אַראָפּגליטשען אירע אָנהענגער. אין דער דעקלאַ־ראַציע פונם ראַט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל — געשריבן דורך מאַרקסן און ענגעלסן — וועלכע איז געווען געווענדעט צו באַקונינען און זיינע אָנהענגער, איז געגעבן געוואָרן די קלאַסישע דעפיניציע:

„דאָס כאַראַקטעריסטישע לגבי די אַלע ריכטונגען איז — וואָס זיי זיינען פאַרשלאָסן אין זיך און זיי זיינען אָפּגעריסן פון יעדער ממשותדיקער טעטיקייט. זיי איז פרעמד די פּאָליטיק, די שטרייקן, די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, בכלל גענומען: יעדע מאַסן באַוועגונג — — אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן האָבן דידאָזיקע מענטשן טאָרמאַזירט די אָרגאַניזירונג פונם פּראָלעטאַריאַט, ביז צום סוף זיינען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָליטישע אינסטרומענטן אין די הענט פון דער פּאָליציי."

מאַרקס און ענגעלס האָבן מיט טיפע סימפּאַטיע נאָכגע־פאָלגט די אירלענדישע באַפרייאונגס־באַוועגונג. אָבער זיי

האָבן אָפּגעוואָרפן די טאַקטיק פון דעם אינדיווידועלן טעראָר: די אַטענטאַטן האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ נאַרישקייט, וואָס האָט נישט איר גלייכן. אַ זאַך, וואָס קען ברענגען שאָדן, קודם־כּל, די אָנגרייפער זעלבסט און אָפּשוואַכן די סימפּאַטיעס, וועלכע די ענגלישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט צו דער אירישער באַוועגונג און אַפילו זי אונטערדריקן אינגאַנצן (מעהרינג).

אינם לעצטן דריטל פון 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין אייראָפּע געפירט אַ קאַמף צווישן דעם סאָציאַליזם און דעם אַנאַרכיזם. די פאַראייניצלטע זינלאָזע טעראָר־אַקטן — דערציילט דער סאָציאַליסט אַרטור ראָזענבערג — וואָס זיינען אויס־געפירט געוואָרן דורך די אַנאַרכיסטן, האָבן פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט, נישט געבראַכט קיין שום נוצן. די מאַסן־פּסיכיק האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דידאַקטיקע שיטות, און די רעגי־רונגען האָבן אויסגענוצט די אַנאַרכיסטישע מעשׂים, כּדי צו פאַרפאָלגן די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג. מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך אַבסאָלוט קעגנגעשטעלט סיי דעם אמתדיקן אַנאַר־כיזם און סיי דעם כּלומרשטן אַנאַרכיזם פון די באָמבן־וואַר־פערס. זיי האָבן געפאָדערט די רעוואָלוציע דורכן כּוח פונם גאַנצן פאָלק, אָבער זיי האָבן נישט געפונען קיין שום זין אין פאַראייניצלטע אַטענטאַטן".

## לעניִן וועגן טעראָר

די אינדיווידועלע טעראָר־שיטה האָט געבליט אין צאַרישן רוסלאַנד אין די 70 און 80 יאָרן. די רוסישע אינטעליגענץ האָט געוואָלט אונטערברענגען דעם צאַריזם. זי איז געגאַנגען

צום פאָלק, זי האָט אים געוואָלט באַוועגן דערצו. נאָך דעם ווי זי האָט זיך אנטוישט אינם פאָלק, האָט זי באַשלאָסן פאַרווירקלעכן זיין באַפרייאונג אָן אים: מיט דער הילף פון טעראָריזם. מוטיקע מענער און פרויען זיינען פאַרברענט געוואָרן אינם דינאַמיט־פייער, אָבער דעם רעזשים האָבן זיי נישט אָנגערירט אויף א האָר. זיי האָבן פאַר זיך אוועקגעשטעלט צוויי צילן: אָנוואַרפן א מורא אויפן רעזשים און דינען אלס שטויס־פאַקטאָר צו א מאַסן־קאַמף. דיביידע צילן זיינען נישט דערגרייכט געוואָרן. אדרבא, נאָך א קורצער צייט פון אַקטיוויטעט איז געקומען א תקופה פון פאַרצווייפלונג, גלויבן־פאַרלירונג, אידעאישע דעזערציע, רעליגיאָזיטעט און גאָט־זוכעניש. די מאַסן, וועלכע זיי האָבן געוואָלט אויפהויבן צו קאַמף, זיינען אריינגעפאַלן נאָך אין גרעסערע גלייכגילטיקייט און פאַרצווייפלונג ווי פריער. די פאַרשנעלערטע אנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד האָבן אונטערגעגראָבן דעם באָדן פון דער „נאַראָדניקי"־טעאָריע. אויף די כוואַליעס פון מאַסן־שטרייקן איז אריינגעדרונגען דער מאַרקסיזם קיין רוסלאַנד. דער אידעאישער זיג איבערן טעראָריזם איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דורך פּלעכאַנאָוון און לענינען. זיי האָבן באַטראַכט אָט דעם אידעאישן זיג אלס באַדינג פאַר דער אנטשטייאונג פון א מאַרקסיסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. לענין האָט באַוויזן, אַז די טעראָר־שיטה איז א „פּועל־יוצא" פון דער שוואַכקייט און הילפסלאָזיקייט פון דער אינטעליגענץ", אַז זי איז נישט מער ווי „איינע פון די אויסדרייאונגס־פאָרמען פון די דרינגענדע אויפגאַבען פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע: די אָרגאַניזירונג און פאַרייניקונג פונם אַרבעטער־קלאַס" (זע: „וואָס צו טון").

מיט דער צעשטערנדער השפעה פון דער „נאראָדנאיא וואָליא" האָט זיך אויך געראַנגלט ראָזא לוקסעמבורג אין דער פוילישער ארבעטער־באוועגונג. די פרינציפיעלע אָנשויאונגען פון דער פוילישער ארבעטער־פארטיי „פראָלעטאריאט" זיינען געשטאנען אין אַן אַבסאָלוטן ווידערשפרוך צו דער טעראָריס־טישער טאקטיק פון „נאראָדנאיא וואָליא". זייענדיק געטריי צו דער פארבינדונג מיט „נאראָדנאיא וואָליא" איז די פארטיי „פראָלעטאריאט" געצוואונגען געווען צו אָנערקענען די טעראָריסטישע מיטלען און די בלאנקיסטישע טאקטיק. די פארטיי איז געוואָרן דעגענערירט און זי האָט זיך פאר־וואנדלט אין א פארשווערונגס־אָרגאניזאציע, וועלכע האָט אויסגעפירט טעראָר־אַקטן, אָן צו דערגיין צו וועלכן עס איז אויסוועג.

די געשיכטע פון די אָנהענגער פונם אינדיווידועלן טעראָר קעגן דעם צאריזם איז פול מיט קאפיטלען וועגן פרעכטיקע סוביעקטיווע גבורה — וועלכע האָט דערפירט, פונם אָב־יעקטיוון שטאנדפונקט, צו א בלינדער וואנט. זי קען אויך קאפיטלען פון דעגענעראציע און פארדארבונג, פון אראָפּ־קייקלען זיך בארג־אַראָפּ, קאפיטלען, וועלכע באשטעטיקן דעם פרווו, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך דעם הויפט פון דער פאָליטישער פאָליציי אין צארישן רוסלאנד, זובאטאָוון: „איך וועל זיי איבעררעדן צו פארשטארקטע טעראָר־אקטן און נאָך דעם וועל איך זיי פארניכטן מיט מער כוח". דידאָזיקע סטראַ־טעגיע פון זובאטאָוון אויפן באָדן פון דער טעראָריסטישע

שיטה איז מיט דערפאָלג אדורכגעפירט געוואָרן דורך געהיים־פּאָליצייאישע צענטרן פאַר אים און נאָך אים...

## די באפרייאונגס־באַוועגונג אין אינדיע

אויך די אינדישע באפרייאונגס־באוועגונג האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער טעראָר־דערשיינונג און זי האָט אָנגעהויבן מיט איר א קאמף. נעהרו, דער גרויסער אינדישער פירער, איז געוועזן אבסאָלוט קעגן דעם טעראָר. פארוואָס? ער האָט פאָרויסגעזען דעם מעכטיקן שאָדן, וואס ער קען ברענגען דער מאסן־באוועגונג. ער האָט פאָרויסגעזען די ספּעציעלע סכנה, וואָס זי קען ברענגען אויפן באָדן פון דער געשפּאנטקייט צווישן די געמיינדעס אין אינדיע. אָט שרייבט ער, למשל, אין זיין בוך „אויטאָביאָגראפיע״.

דער טעראָריזם איז געטאדלט געוואָרן פון פאַרשידענע שטאנדפּונקטן. אפילו די מאָדערנע רעוואָלוציאנערע טאקטיק איז ארויסגעטרעטן קעגן אים. אָבער איינער פון די מעגלעכע פאָלגען האָט אויף מיר ארויפגעוואָרפן א ספּעציעלן פחד — עס איז דאָך פאראן א סכנה, אז געמיינשאפטלעכע און פאראיינצעלטע טעראָר־אקטן זאָלן זיך פארשפּרייטן אין אינדיע. איך בין נישט אזא „ווייכהארציקער אינדיער״, אז איך זאָל מורא האָבן פאַרן עצם טעראָר, כאָטש איך האָב אים אויף זיכער פיינט... אָבער איך פיל אויף אן אמת, אז די כוחות, וואָס זיינען נוטה צו צערייסן און צו צעברעקלען, זיינען נאָך גענוג שטארק און די פאראיינצלטע טעראָר־אַקטן וועלן זיי צוגעבן כוח און שטארקייט, און זיי וועלן

פילפאכיק פארשווערן די אויפגאבע פון שאפן א גע־
אייניקט און דיסציפלינירט פאלק. דער טעראריסטישער
מארד פון א פאליציי־באאמטן אין טשיטאגאנג און זיינע
פאלגן, האבן מיר אויף א שמערצלעכן אופן באוויזן די
געפערלעכע מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאר־
בונדן מיט דער טעראריסטישער אקציע, און דעם
ריזיקן שאדן, וואס זי קען ברענגען אינדיעס אייניקייט
און פרייהייט. די נקמה־אקטן, וועלכע זיינען געקומען
נאכן מארד, האבן אונז אויך איבערצייגט, אז פאשיס־
טישע שיטות האבן זיך באוויזן אין אינדיע. עס זעט
אויס מאדנע, אבער די טעראריסטן אליין, אדער א סאך
פון זיי, האבן אזא פאשיסטיש אויסזען. נאר ער ווענדעט
זיך אין אן אנדער ריכטונג: דער נאציאנאלער פאשיזם
שטעלט זיך אנטקעגן דעם פאשיסטישן אימפעריאליזם פון
אייראפעישע אנגלא־אינדער.

לויט נעהרוס מיינונג, דינט דער טערור פאר דער מאכט
אפצורעכנען זיך מיט די מאסן:

אין באצוג צום קאנגרעס, איז דער פראבלעם בענגאל
געווען פאר אים אן אויסערגעוועגלעך שווערע זאך צוליב
דעם עקזיסטירנדיקן טעראריזם. אנטקעגן דער נארמאלער
ארבעט פונם קאנגרעס און דעם בירגערלעכן ווידער־
שטאנד, זיינען די טעראריסטישע אקטן, אין זייער פאר־
נעם און אין זייער וויכטיקייט, געווען זייער אומבא־
דייטנד. אבער זיי האבן אויפגעהויבן א גרויסן טומל.
זיי האבן באשווערט די ארבעט פונם קאנגרעס און נישט
דערלאזט, אז זי זאל זיך אנטוויקלען דארטן, ווי אין

אלע אנדערע גענגטן. ווייל דער טעראָר שאפט או אטמאָ־ספער וואָס שטערט ארבעטן, ווייל די טעראָריסטישע טאטן האָבן דערפּירט די רעגירונג צו די שרעקלעכסטע נקמה־אַקטן, און דידאָזיקע אקטן האָבן געטראָפן די טעראָריסטן און די נישט־טעראָריסטן גלייכצייטיק — — נעהרו דערקלערט, ווער איז דער טרעגער פון דער טעראָ־ריסטישער טעטיקייט און וואָס איז די מענטאַליטעט זיינע:

איך גלייב אז א געוויסע צאָל פון יונגע מענער און פרויען, וואָס האָבן פארבינדונגען מיט די טעראָריסטן, ווערן אינדעראמתן צוגעצויגן דורכן צויבער פון געהיים־ארבעט. די פארבאָרגענקייט און די געפאר ציען שטענדיק צו דאָס הארץ פון דער אוואנטוריסטישער יוגנט — —

א סאך פון זיי, דאכט זיך מיר, זיינען פון א פאַ־שיסטישער מענטאַליטעט.

## דער פאשיסטישער טעראָר

און אינדעראמתן זיינען מיר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען עדות פון אן אנדער מין טעראָר, פון אן אנדער „מענטאליטעט". אין דייטשלאנד און אין איטאליע זיינען אויפ־געקומען „שטורם־באטאליאָנען", „אַרדיטי"־באטאליאָנען. סאָל־דאטן און אָפיצירן מיט א שאָוויניסטישע אידעאָלאָגיע, קלאסנ־לאָזע און צעפלאמטע יוגנט האָבן אָנגעהויבן זייערע טעראָ־ריסטישע ארויסטרעטונגען קעגן די ארבעטער, זייער אָרגאני־זאציעס און אינסטיטוציעס. ברוינע און שווארצע העמדלעך האָבן אָנגעהויבן מאכן זייערע „שטראָף־צוגן" און אדורכפירן אַטענטאַטן אויף „מארקסיסטן". די פיינט פונם ארבעטער־קלאס

האָבן באלד פארשטאנען דעם ווערט פון דעמדאָזיקן טעראָ־ריזם: א מיטל, וויאזוי צוווארפן א מורא אויפן ארבעטער־קלאס, צו צעברעכן זיינע פאריינען, אונטערצוגראָבן די דעמאָ־קראטישע אינסטיטוציעס.

אויב דער טעראָר פון „נאַראָדנאיא־וואָליא" איז גע־ווען די פרוכט פון שוואכקייט און פארצווייפלונג פון גרופּעס אָפּגעריסענע פונם מאסן־געראנגל, און איז געווען געווענדעט קעגן די תליינים — האָט זיך דאָ באוויזן א טעראָר קעגן די ארבעטער און זייער אָרגאניזאציע, א שלאָגענדע פויסט פון דער בורזשואזיע.

דער אקטיווער טעראָר קעגן דער ארבעטערשאפט דאָס איז דער ערשטער לעבנס־צייכן פון יעדן פאשיזם. זיינע געבורטס־ווייען. אזוי איז געווען אין דער וועלט, און, ווי מיר האָבן געזען, אזוי איז אויך געווען ביי אונז.

## די אויסגעהאלטענע קאנצעפּציע

די לח"י גרופּע האלט זיך קאָנסעקווענט אָן דער שיטה פון אינדיווידועלן טעראָר. די אצ"ל גרופּע האָט אויסגעוויילט דעם וועג פון סאבאָטאזש און אַטענטאטן.

אין דער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך געפירט צווישן די צוויי אָרגאניזאציעס וועגן דער „טאקטיק", האָבן געטענה'ט די אצ"ל־לייט: צי וועט דאָס מאָרדן פּאָליציאנטן דערנענטערן די גאולה, אויף דעם האָבן געענטפערט די עקסטרעמע חסידים: און „דורך אויפרייסן הייזער קען מען דערנענטערן די גאולה?"

געוויס, א טענה וואָס לייגט זיך אויפן שכל. זיי האָבן נאָך צוגעגעבן: צי האָבן דען די פרייהייטס־קעמפער אין

טשעכיע, אין פראנקרייך א.א.וו., געטראכט, אז מאָרדן נאַציִשע פּאָליציאַנטן אָדער בעאַמטע איז נישט א וועג צו באפרייאונג? איר שטיצט זיך אויף אירלאנד. אָבער דאָרט „האָט נאָר דער דירעקטער אָנגריף אויף דער רעגירונג געבראַכט דעם נצחון".

אינדעראמתן מוז מען באמערקן, אז לח"י זיינען „רעוואָלו־ציאָנערער" און „אויסגעהאַלטענער" פון זייערע חברים. אויב קאמף — מוז זיין אן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, אַן אָנגריף אויף בעאמטע. „אין מלחמה איז אַזוי ווי אויף א מלחמה". די לח"י שיטה, דער אויסגעהאלטענער טעראָריזם — דאָס איז דער לאָגישער אויספיר פון דער „נאָר אַזוי" טעאָריע.

נאָך אמאָל און נאָך אמאָל שטויסן מיר זיך אָן אין דעם פּרינציפּיעלן פעלער פון דערדאָזיקער „טעאָריע": אבסאָלוטע גרינגשעצונג פון די באַדינגונגען אין וועלכע עס ווערט פאר־ווירקלעכט דאָס ווערק פון יידישער באפרייאונג. די טעראָר־אָרגאניזאציעס האלטן נישט פונם מארקסיזם. חס וחלילה! זייער קאָנצעפּציע שטיצט זיך און אנטוויקלט זיך לויט דער פאשיסטישער אידעאָלאָגיע און זי האָט אלע אויסדריקלעכע סימנים פון דערדאָזיקער שיטה: מיסטיק, געפעלשטער היס־טאָריזם, קולט פאר דער פויסט און ראסן־דערהויבנקייט. טראָץ דעם ברענגען זיי צווישן איין קאַפּיטל און אַן אנדערן מוסטערן פון לענינען און זאָגן: אָט זעט, אַזוי פירט מען אָן א באפריי־אונגס־קאמף! אָבער, אויב זיי וואָלטן נישט געטראַכט נאָר צו פארבלענדן די אויגן און וואָלטן אויף אן אמת געלערנט פון לענינען וואָלטן זיי געוואוסט דעם גרויסן כלל, וועלכן ער האָט פעסטגעשטעלט אינם עניין פון קאַמפּס־פאָרמען:

דער מארקסיזם — האָט געשריבן לענין — פאר־

פליכטעט צו א היסטאָרישער קאָנטראָל אין דער פראגע פון קאמפּס־פאָרמען. דער וואָס באטראכט די פראגע אויסער דער היסטאָריש־קאָנקרעטער סיטואַציע, פאַר־שטייט נישט דעם אלף־בית פונם מארקסיזם. ווער עס וויל אָנעמען באשטימטע קאמפּס־וועגן, נישט קאָנטראָ־לירענדיק שטרענג די ממשותדקיע סיטואַציע פון וועל־כער עס איז באוועגונג אין א באשטימטער אנטוויק־לונגס־שטופע — לייקענט אָפּ דעם גרונט־פּרינציפּ פונם מארקסיזם.

## די שיטה פון גערילאַ־קאמף

די שיטה פון אטענטאטן און דער גערילאַ־קאמף ווער אָנ־געווענדעט אין צוויי צושטאנדן: 1) אלס טייל פון א רעגולערן פראָנט, וואָס פירט זיך קעגן שונא. 2) אלס טייל פון דער מאסן־באוועגונג אויף דער שוועל צו פארכאפּן די מאכט. די שיטה פון אטענטאטן און דעם גערילאַ־קאמף האָבן מיר געזען אין דער איצטיקער וועלט־מלחמה: אלס טייל פון דעם גרויסן און ממשותדיקן פראָנט. דיזעלבע שיטה פון אטענטאטן אין דעם גערילאַ־קאמף האָבן מיר געזען אין די רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917 אין רוסלאנד, אלס שמאָלן אויסלויף פון דער כוואליע שטרייקן און רעוואָלוציאָנערע מאניפעסטאציעס.

צי איז אונזערע היסטאָריש־קאָנקרעטע סיטואַציע דיזעלבע ווי די סיטואַציע פון ראטן־פאַרבאנד, פראנקרייך, טשעכיע אין דער מלחמה קעגן היטלער? צי קומט פאַר צווישן אונז און דעם ענגלישן פאָלק א בלוט־קאמף? צי איז דאָס מיליטער, וואָס געפינט זיך אין לאנד, היטלער־מיליטער? צי זיינען די

אטענטאטן און די צוזאמענשטויסן אַ שמאָלער און נישט־באַ־דיינדיקער טייל פון א מלחמה־פראָנט, וועלכער פירט זיך צווישן צוויי באוואָפנטע מיליטערס? צי איז דאָס באַנעמען זיך פון א באַשטימטן בעאַמטן אָדער פּאָליציימאַן ענלעך צו דער האַלטונג פון א געסטאַפּאָמאַן, צי הייסט דאָס, אז אונזער מצב איז: פון איין זייט היטלער און געסטאַפּאָ און פון דער אנדערער זייט — ווארשעווער געטאָ?

די אטענטאטן־שיטה — זאָגט לענין — ברענגט די באַ־וואוסטזיניקע ארבעטער צו די אונטערוועלט־שיכטן און צום לומפּן־פּראָלעטאריאט. זי נעמט ביי זיי צו יעדע קריטיק־פעי־קייט און יעדן פּאָליטישן אַספּעקט. און פון דאנען איז דער אויספיר:

די פּראָלעטארישע פּארטיי טאָר נישט זען אין דער גערילאַ־שיטה דעם איינציקן קאמפּס־מיטל, און געוויס נישט דעם וויכטיקסטן קאמפּס־מיטל.״

לויט די באַדינגונגען פון אונזער געראנגל קומט אויס, אז דאָס איז דער איינציקער און וויכטיקסטער מיטל. ער ברענגט די „באוואוסטזיניקע ארבעטער״ צו די „אונטערוועלט שיכטן״. ער נעמט ביי זיי צו די קריטיק־מעגלעכקייט און די פעיקייט פון פּאָליטישן אספּעקט. לויט אונזער היסטאָריש־קאָנקרעטע סיטואציע מוז דער דאָזיקער „פרייהייטס־קאמף דערגיין צו א שרעקלעכע דעגענעראציע, צו א צווייקאמף צווישן א באוואָפנטע באַנדע און צווישן דער פּאָליציי, צו א קאמף פון א באנדע וואָס פארפאָלגט די פּאָליציי און ווערט אליין דורך דערדאָזיקער פּאָליציי פארפאָלגט, צו א „פּאָלי־טישער ליניע״, וואָס קען דורך גאָרנישט נישט באַשטימט

ווערן, נאָר דורך בלוט־פארגיסונג און בלוט־אויסלייזונג. לויט אונזער קאָנקרעטער סיטואַציע מוז דערגיין דער „פרייהייטס־קאמף" צו דעם:

„אז אָרגאניזירטע נאציאָנאלע „יאטן"
האָבן שוין געשאָכטן שוצלאָזע סאָלדאטן
אין הויף
אין געצעלט
אינמיטן דער נאכט
און דערנאָך פון דער שחיטה אויפרופן געמאכט".
(נתן א.)

## וויאזוי וועט קומען דער נצחון?

„דער נצחון וועט נישט קומען דורך טעראָר־אַקטן פון א גרופע. קיין שום מענטש גלייבט נישט אין דעם. און מיר ווייניקער פון אלע. דער נצחון וועט קומען דורך א ברייטע פרייהייטס־באוועגונג, וועלכע נעמט אריין די בעסטע יוגנט פון יעדן צד — עס זיינען פאראן אזעלכע, וואָס לאכן זיך אויס פון דעם, אז דורך צוזאמענשטויסן מיט פאָליציי־אָפיצירן און העכע־רע בעאמטע וועט מען פאריאָגן די ענגלענדער. ניין, דאָס האָבן מיר נישט געזאָגט און מיר ווען נישט זאָגן — — —"

אזוי פארזיכערט אונז לח"י. און זיי געבן צו, אז זייער גאנצע ארבעט איז נאָר צוצוגרייטן דעם וועג פאר יענער „ברייטער פרייהייטס באוועגונג". אין דעמזעלבן טאָן רעדט אויך אצ"ל:

טראַץ אונזער קליינער צאָל וועלן מיר קענען קאָנצענטרירן אַרום דעם באפרייאונגס־קאמף די נישט־פאַרדאָרבענע מאסן יידישע יוגנט. דידאָזיקע מעגלעכ־קייט נעמען מיר אין חשבון אלס אומבאדינגטקייט פארן דערפאָלג פון אונזער אונטערנעמונג.״

אין אָנבליק פון דידאָזיקע פייערלעכע פארזיכערונגען דערלויבן מיר זיך א קליינע פראגע: וואָס וועט זיין, אויב עס וועט נישט אנטשטיין יענע „ברייטע פרייהייטס־באוועגונג״, אויב זיי וועלן נישט קענען באקומען פאר זייער וועג „די בעסטע יוגנט פון יעדן צד״ — וואָס דעמאָלט? א נאַיווע פראגע! אויף אן אנדער זייטל פון דערדאָזיקער בראָשור הערן מיר א קלאָרן ענטפער:

„די לח״י לייט פרעגן נישט די מיינונג פונם פאָלק צי ער וויל די באפרייאונג צי נישט. זיי צווינגען אים זיך צו באפרייען״.

שארפע ווערטער! „זיי צווינגען אים זיך צו באפרייען!״ — און גענוג!

## זיי פארופן זיך אויף די באלשעוויקעס

און אזוי הערן מיר נאָך אמאָל און ווידער אמאָל, אז „דעמאָקראטיע און פארלאמענטאריזם זיינען פסול״. און מיר ווערן פארפלייצט מיט א ים פון שאלות ותשובות: האָט דער־גאָל געפרעגט דאָס פאָלק, און לענין האָט געפרעגט?

„מיט וועלכע רעכט איז געקומען א קליינע מינדער־הייט אין רוסלאנד און געמאכט א רעוואָלוציע פאר

מיליאָנען פּראָלעטאַריער און פּויערן, האָבן זיי גע־
פרעגט זייער מיינונג ?"

לח"י און די באָלשעוויקעס ! איז דען נויטיק אָפּצוואַרפן
יידאָזיקע געשיקטע פאַרגלייכונג ? נישט די באָלשעוויקעס
האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע נאָר „די מיליאָנען פּראָלעטאַריער
און פּויערן" האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע. די באָלשעוויקעס
האָבן נישט פאַרנומען די מאַכט, נישט „פרעגענדיק די מיינונג
פונם פאָלק". די מאַסן האָבן זיי געבראַכט צו דער מאַכט.

די באָלשעוויקעס זיינען געווען א רעוואָלוציאָנערע פּאַר־
טיי, וועלכע האָט זיך אויסגעשמידט אין משך פון א גאַנצן
דור אינם שטורם פון רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. זיי זיינען
געווען פאַרבונדן מיט די פּראָלעטאַריער־מאַסן, זיי האָבן גע־
קעמפט זייער קאַמף און געקעמפט פאַר זייער לעבן. זיי האָבן
אדורכגעמאַכט א תקופה פון איינזאַמקייט און באַלאַגערונג,
אָבער זיי האָבן נישט פאַרלאָזן די פאָן. זיי האָבן אויסגעפירט
דעם געבאָט פון זייערע פירער : צוהערן זיך צו די מאַסן,
לערנען די פּראַקטיק פון זייער לעבן און זייער קאַמף. נאָך
דער פעברואַר־רעוואָלוציע זיינען די קעגנער פון די באָלשע־
וויקעס — די מענשעוויקעס און די עסערן — געווען די מער־
הייט אין די ראַטן. האָט לענין געמאַכט א רעוואָלוציע „פאַר
די מיליאָנען פּראָלעטאַריער און פּויערן" ? לענין האָט פעסט־
געשטעלט דעם לאָזונג : „די גאַנצע מאַכט צו די ראַטן", כאָטש
אין די ראַטן האָבן געהאַט א מערהייט די פּאַרטייען, וועלכע
האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַראַט. ער האָט געלערנט זיינע
תלמידים : דערקלערן די מאַסן נישט מיד ווערנדיק און דער־
אָבערן זייער גלויבן. ער האָט געגלויבט, אז דער רעוואָלו־

ציאָנערער וועג פֿון די באָלשעוויקעס איז דער ריכטיקער וועג און דער ווירקלעכקייטס־פּרווו וועט אַנטשיידן, און עס איז טאַקע אַזוי געווען. אונטערן דרוק פֿון די געשעענישן און אונ־טער דער אָנפירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זיינען פֿאָרגעקומען אַנטשיידענדע ענדערונגען אין די מאַסן פֿון „די פּראָלעטאַריער און די פּויערן". זיי האָבן געשטראָמט נאָך די באָלשעוויקעס און זיי האָבן זיי איבערגעגעבן די מערהייט אין די ראַטן. זיי האָבן די באָלשעוויקעס איבערגעגעבן די מאַכט.

אָט דאָס איז דער אונטערשיד צווישן די טעראָר־אָרגאַניזאַ־ציעס און די באָלשעוויקעס. און דאָס איז די אינערלעכע לאָגיק אין זייער אַנטוויקלונג: אויב דאָס פֿאָלק וועט נישט גיין מיט זיי — און עס וועט נישט גיין — וועלן זיי אים צווינגען! „צו וואָס רעדן וועגן דעם אויסערלעכן שונא — האָבן מיר געהערט פֿון זייערע פֿאָרגענגער מיט עטלעכע יאָרן צוריק — אויב דער פּאַראַט לויערט פֿון אינעווייניק?" דער אינעוויי־ניקסטער שונא וועט דינען אַלס אָפּהאַלט פֿאַר דער פֿאַרוויר־קלעכונג פֿון דער אויסערן־פּאָליטיק. אים אונטערדריקן — וועט זיין אַ באַדינג פֿאַרן „דערפֿאָלג פֿון דער אונטערנעמונג". לויט דער אומאויסמיידלעכער נויטווענדיקייט, לויט דער אינערלע־כער לאָגיק פֿון דער אַנטוויקלונג וועלן זיי פֿאַרענדיקן מיט דעם מיט וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן: טעראָר לגבי אינעווייניק, און צוואַנגס־אַקטן לגבי דעם פֿאָלק.

## און אויך — נעהרו

און אויב מיר האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט אויף דער „ענלעכקייט" צווישן לח"י און צווישן די באָלשעוויקעס, איז

כדאי אָפּצושטעלן זיך אויף נאָך אַן „ענלעכקייט״, אויף וועלכן די טעראָר־אָרגאַניזאַציעס הערן נישט אויף צו פאַרופן זיך אויף איר: די פאַרגלייכונג צווישן זיי און צווישן נעהרו.

אין איינעם פון די לעצטע „מַעשׂ״־בלעטער דערקלערן די לחי״־לייט: וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אייך און נעהרו! לויט דעם „משמר־קאָרעספּאָנדענט אין אינדיע, האָט נעהרו דערקלערט, אַז ער וועט נישט פאָרן קיין לאָנדאָן; אפילו דער געדאַנק אליין צופאָרן קיין לאָנדאָן רעגט אים אויף. אָבער די ציוניסטישע פירער פאָרן קיין לאָנדאָן און קלאַפּן אין אירע טויערן. און אַנטקעגן דעם, ווי גרויס איז די ענלעכקייט צווישן אונז, לח״י, און צווישן נעהרו! נעהרו ווענדעט זיך אָפּ פונם אימפּעריאַליזם און מיר אויך... נעהרו פאָרט נישט קיין לאָנדאָן און מיר אויך נישט...

די לח״י־לייט האַלטן זיך אָן אין א שטרוי און ווילן פאַרדעקן דעם תהום. נעהרו קעמפט פאַר נאַציאָנאַלע באַפרייאונג. די סאָציאַלע באַפרייאונג איז אָפּהענגיק און געבונדן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. ער קעמפט פאַר א בונד פון אַלע אינדישע פעלקער און שבטים. ער פאַרבינדט זיין קאַמף מיט די באַפרייאונגס־אָנשטרענגונגען פון כינע, בורמא און ציילאָן; נעהרו קעמפט קעגן דעם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם און נישט קעגן דעם ענגלישן פאָלק — ער ראַנגלט זיך פאַר דער ענגלישער סימפּאַטיע, פאַר דעראָבערן די פּראָג־רעסיווע געזעלשאַפטלעכע מיינונג. ער פירט אָן א פּאָליטישן געראַנגל און האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער „לייבור״־רעגירונג.

נעהרו וואַרפט אָפּ די טעראָריסטישע שיטה און מאַכט צו

ניִשט דעם גלויבן צו ברענגען די אויסלייזונג דורך ווארכ
באַמבעס. די אויסלייזונג וועלן ברענגען, לויט זיין מיינונ
די באוואוסטזיניקע און פראָגרעסיוו־דענקענדע מאסן.

נעהרו קעמפט פאר נאציאָנאלע זעלבסטשטענדיקייכ
און דערפאר ווארפט ער אָפּ יעדע מיטארבעט מיט א אימפער
יאליסטישן פארבינדעטן, אויב אפילו יענער קעמפט קעג
ענגלאנד. נישט נאָר, וואָס ער האָט נישט געקלאפּט אין ד
טויערן פון מוסאָליני, נאָר זייענדיק אין 1935 אין רוים, האָכ
ער מיט פאראַכטונג אָפּגעוואָרפן מוסאָליניס איינלאדונג איב
צו באזוכן. ווייל ער האָט נישט געוואָלט „אפילו זען דעם
מענטש, וועלכער מאכט א דעראָבערונגס־צוג אין אביסיניע".
ער האָט אָפּגעוואָרפן אין דער מלחמה־צייט יעדע מיטארבעט
מיטן יאַפּאַנישן אימפעריאליזם, אויב אפילו יענער האָט
זיך איינגעהילט אין דער פאָן פון נאציאָנאלער באפרייאונג.

דאָס זיינען נעהרוס אָנשויאונגען — און פונקט פארקערטע
זיינען די אָנשויאונגען פון לח"י: טעראָר אָנשטאָט פּאָליטישן
געראנגל; א קאמף קעגן ענגלענדער אָנשטאָט א קאמף קעגן
דער אנטי־ציוניסטישער פּאָליטיק; דאָס קלאַפּן אין מוסאָ־
ליניס טיר — אנשטאָט נאציאָנאלע זעלבסטשטענדיקייט; ראסע
דערהויבנקייט אנשטאט אינטערנאציאָנאלע סאָלידאריטעט;
מיליטערישע דעראָבערונג אָנשטאָט נאציאָנאלע און סאָציאלע
באפרייאונג.

## וועגן דער באציאונג צום ציוניזם

און צום סוף א באמערקונג וועגן נעהרוס באציאונג צום
ציוניזם. נישט לאנג צוריק האָט ס. סילווערמאן, אין נאָמען פון

נר בריטישער סעקציע ביים אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס, אזוכט אינדיע און געהאַט א שמועס מיט נעהרו. נעהרו האָט ויסגעדריקט זיין סימפּאטיע פאַרן יידישן פאָלק און זיין נערקענונג פאַר דעם קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער און פאַר ער דערגרייכונג פונם ציוניסטישן אויפבוי־ווערק אין ארץ־ שראל, און ער האָט רעקאָמענדירט א פעדעראַטיווע אָדער אנטאָנאָלע לעזונג פאַר ארץ־ישראל דורך דירעקטע פאַר־ אנדלונגען צווישן יידן און אראַבער. (לויטן „דבר" 12.6.46).

מיר ווייסן אלזאָ: אז נעהרו האָט טענות צום ציוניזם ישט דערפאַר, וואָס ער פאַרמערט נישט זיינע אָנגריפן אויף נגלישע פּאָליציילייט, נאָר דערפאַר וואָס עס איז נישטאָ קיין הסכם־פּאָליטיק צווישן די צוויי פעלקער. נעהרו איז איבער־ צייגט, אז א הסכם צווישן די צוויי פעלקער איז דער ערשטער באַדינג פאַר זעלבסטשטענדיקייט און באַפרייאונג פונם אימ־ פעריאליזם. בקיצור, נעהרו איז דער פאָן־טרעגער פון פרייהייט און אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. און וואָס איז דער געדאַנקענגאַנג פון לח"י?

„אייניקייט צווישן די פעלקער אין ארץ־ישראל איז
א באַדינג, וואָס וועט קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט
ווערן. עס איז אומעגלעך אים צו פאַרווירקלעכן, פונקט
ווי עס איז אומעגלעך פאַרפירקאַנטיקן א קרייז אָדער
אויפצולעבן מתים".

עס איז קלאָר: נישט פון נעהרו ציען זיי גייסטיקע חיונה, נאָר פון אן אנדער מקור, א מקור, וואָס האָט געוואָלט פאַר־ ווירקלעכן סאָציאַליזם דורך אַרבעטער־אונטערדריקונג אָדער אנטי־אימפּעריאַליזם דורך פעלקער־אונטערדריקונג.

פונם גאנצן מהות פון די טעראָר־גרופעס דרינגט אַרויס דאָס אָפּוואַרפן די יישוב־דיסציפּלין. דידאָזיקע אייגנשאַפט איז זיי איבערגעגאַנגען „בירושה". די גאַנצע געשיכטע פונם רע־וויזיאָניזם — וואָס איז זי אויב נישט איין קייט פון ברעכן: דאָס ברעכן די הסתדרות, דאָס ברעכן די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע, דער באָיקאָט אויף די פאָנדן, דער באָיקאָט אויף דער אסיפת־הנבחרים. „די מלוכהשע קערפּערשאַפט" האָט זיך מער פון אַלע אויסגעצייכנט מיט דער צעשטערונג פון די פּאָליטישע ראַמען פונם יידישן פאָלק. די עפּל פאַלן נישט ווייט פון בוים. אָבער דידאָזיקע האָבן נאָך איבערגעשריטן די טאַטן פון זייערע פאָרגענגער.

קען א פאָלק פאַרטראָגן אַזאַ דערשיינונג? זיינען דען נישט געווען „די מיליצעס" און די „שוץ־פאַריינען" די ערשטע טרעגער פון ברעכן די אויטאָריטעט און צעשטערן די דעמאָ־קראַטיע? צי איז דען נישט דאָס נעגירן די זעלבסטבאַשטי־מונגס־רעכט פון די מאַסן ערשטע דערקענונגס־צייכנס פון דער „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע"?

דאָס מיליטער איז פון אייביק אָן געווען א אינסטרומענט. א אינסטרומענט אין די הענט פון דער פּאָליטישער קערפּער־שאַפט, פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. דער כאַראַק־טער פון דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פונם מיליטערישן אינסטרומענט — צי עס זאָל זיין א אינסטרומענט פון פאַרטיידיקונג אָדער פון אָנגריף, פון אונטערדריקונג אָדער פון באַפרייאונג פון אונטערוואַרפונג די מערהייט דער מינדערהייט, אָדער די

מינדערהייט דער מערהייט — יעדנפאלס א אינסטרומענט.
דאָס מיליטער דערקלערט נישט מלחמה און עס באשליסט
נישט וועגן שלום. עס איז אונטערגעאָרדנט דעם פּאָליטיש־
געזעלשאפטלעכן פאקטאָר. די דערשיינונג פון די כינעזישע
גענעראלן, וואָס יעדער איינער „קויפט זיך א הארמאט און
ווערט זעלבסטשטענדיק", וואָס יעדע פּאָליטישע ריכטונג און
ריכטונגל שאפט זיך אן אייגן מיליטער און לעבט פון זיין
שווערד — דאָס איז איינער פון די פולשטענדיקע צעפאלונגס־
צייכנס.

אויב אזוי זעט אויס א פאָלק אין נאָרמאלע באדינגונגען,
טאָ וואָס איז צו רעדן וועגן אונז אין אונזערע באדינגונגען.
די לייטונג פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק און נאָכמער די
אנטשיידונג אין די ענינים וואָס באשטימען דעם גורל פונם
יישוב קענען נישט איבערגעגעבען ווערן צו אן אחריותלאָזע
קערפּערשאפט, וועלכע רופט זיך אליין „פרייהייטס־קעמפער".
דאָס לעבן און די צוקונפט קענען נישט זיין הפקר אין די
הענט פון א גרופּע, וואָס האנדלט זיך איין א רעוואָלווער און
רעדט זיך איין „צו באפרייען דאָס פאָלק".

## די איינציקע ברירה

מיר האָבן געזען פונוואַנען עס זיינען ארויסגעוואקסן ד
טעראָר־אָרגאַניזאַציעס, זייערע אידעאָלאָגישע מקורות, ד
אינערלעכע לאָגיק פון זייער אנטוויקלונג. מיר דאַרפן אונטער־
שטרייכן און זאָגן: דאָס איז א פאשיסטישע קערפּערשאַפט.
א קערפערשאַפט וואָס איז ארויסגעוואקסן פון די טעראָריס־
טישע מעשים לגבי דער ארבעטער־באַוועגונג און בלוטיקע פּראָ־
וואָקאציעס לגבי דעם שכנישן פאָלק. א קערפּערשאַפט וואָס
שטיצט זיך אויף קליינבירגערלעכער יוגנט, אָפּגעריסן פון
אלע געביטן פון ציוניסטישער פארווירקלעכונג.

עס איז נישטאָ קיין ספק: זיי איז געלונגען צו פארפירן
אויך גוטע יוגנט, וועלכע איז גרייט זיך מקריב צו זיין און
גלויבט, אז זי פירט אָן א באַפרייאונגס־קאמף. אָבער דאָס
ענדערט נישט דעם פאקט, אז די אידעאָלאָגיע, די „ליניע",
דער אָנפירונגס־קאדר, דער ציל און די סטראַטעגיע — זיינען
פאשיסטישע. פאר אונז געפינט זיך א קערפּערשאַפט, וועלכע
וועט לעבן פון איר שווערד. זי איז זי גרייט צו פארדינגען
צו יעדן ווער עס וועט זי פארלאנגען. זי איז גרייט אויפ־
צוהויבן די שווערד אויך אויפן יישוב — אויף זיין אידעאישע
און פּאָליטישע פרייהייט.

אזא קערפּערשאַפט, מיט אזא אידעאָלאָגיע וועט נישט וואוי־
נען צוזאמען, קען נישט וואוינען צוזאמען בשלום מיטן חלוצישן

ציוניזם, מיט דער אָרגאַניזירטער ארבעטער־באַוועגונג, מיטן אָרגאַניזירטן יישוב.

עס שטייען פאר אונז צוויי ברירות פון וועלכע מיר קענען זיך נישט אויסדרייען. טעראָר אָדער ציוניסטיש־פּאָליטישער געראַנגל. די פראַגע איז — איינס אָדער דאָס אנדערע,ביידע צוזאַמען זיינען אוממעגלעך. עס איז אויסגעשלאָסן, אז ביידע זאָלן וואוינען אונטער איין דאַך. און די צווייטע ברירה: טעראָר־אָרגאַניזאַציעס אָדער אן אָרגאַניזירטער יישוב, אן אָרגאַניזירט פאָלק, אן אָרגאַניזירטע ארבעטער־באַוועגונג. און ווידער — איינס אָדער דאָס אנדערע. ביידע צוזאַמען קענען נישט וואוינען אונטער איין דאַך, אָדער דער ערשטער אָדער דער צווייטער. — —

אויב מיר קלויבן אויס דעם ציוניסטיש־פּאָליטישן געראַנגל, די עקזיסטענץ פון פאָלק און א פאַראַנטוואָרטלעכן יישוב, וועלכער זאָל זיין ארבעטס־פעיק — דאַרפן מיר ארויסטרעטן קעגן טעראָר.

דאָס איז די פראַגע, וואָס שטייט פארן יישוב. איר פאָרמולירונג איז געגעבן געוואָרן דורך דעם פאָרזיצער פונם אַקציאָנס־קאָמיטעט, ד. בן־גוריון, אויף דער הסתדרות־ראַט, וועלכער איז צוזאַמענגערופן געוואָרן נאָכן מאָרד פון לאָרד מוין.

און זאָלן מיר נישט זאָגן: דאָס איז געווען פאר דער בעווין־דעקלאַראַציע. אדרבא! דווקא אין דערדאָזיקער אנטשיידנדער תקופה, פול מיט שרעקלעכע פּרוּוון, אינם קאַמף וואָס פאַרפליכטעט צום מאַקסימום פון אָנשטרענגונג און מאַק־

סימום פון פאַרשטאַנד, אינם מאָמענט ווען פון יעדן צד לויערן אויף אונז בלוט־סכנות, אינם מאָמענט, ווען יעדער הפקרדיקער שריט און יעדע אחריותלאָזע אויפירונג קען ברענגען מיט זיך פאַרניכטונג — דווקא אין דעם מאָמענט שטייט פאַר אונז די־דאָזיקע פראַגע אין איר גאַנצער שאַרפקייט.

קיין שום פאָלק, און געוויס נישט, א פאָלק וואָס שטייט אין זיין העכסטן קאַמף, קען נישט דערלויבן א באַוואָפנטע גרופּע זאָל זיך שפּילן מיט זיין גורל און לאָזן מיט פייער זיין צוקונפטס־האָפנונג.

## כלפי פנים

ד. בן־גוריונס קאַמפּס־רוף איז נישט אויסגעפירט געוואָרן. אנשטאָט קעמפן מיט טעראָר איז געקומען די גרענעצן־פאַר־טושונג.

אינדעראמתן, איז די אָפּשוואַכונג פון די קאַמפּס־כוונות קעגן טעראָר נישט קיין צופעליקייט און זי איז נישט קיין פועל־יוצא פון דער לעצטער צייט. פאַר איר איז פאָרגעקומען א לאַנגדויערנדיקע אַנטוויקלונג. נאָכן משפט פונם אַרלאָזאָראָוו־מאָרד האָט מפא״י ארויסגעלאָזט אן עפענטלעכע דערקלערונג:

„מיר וועלן קעמפן קעגן דעם „הייליקן ליגן״ און קעגן טעראָר פון די סיקריקין און די טעראָריסטן, און מיר וועלן זיך נישט באַרויקן ביז די ציוניסטישע באַוועגונג און דער יישוב וועט אָפּגערייניקט ווערן פון די „שווינדלער־נביאים און פון די צדקנישע טריי־פענע נפשות״. מיר וועלן קעמפן קעגן די טעראָר־שיטות. „דאָס ברעכן״ און דעם בירגער־קריג, וואָס די טעראָריס־

טישע פּאַרטיי האָט אַריינגעטראָגן אין אונזער לעבן, און מיר וועלן צוריק ברענגען די ציוניסטישע מתנה צו איר ריינקייט".

אָבער עס איז נישט אוועק קיין סאַך צייט און עס איז אויסגעצויגן געוואָרן די האַנט צו אַ הסכם מיט יענער „טעראָ־ריסטישע פּאַרטיי". די הסכם־באַמיאונגען האָבן זיך געצויגן לאַנגע יאָרן, סיי וועגן געמיינזאַמער אַלגעמיין־ציוניסטישער אַרבעט און סיי וועגן געמיינזאַמער יישוב־אַרבעט. מיר האָבן זוכה געווען צו אַ קאָאַליציע מיטן יידישן פאַשיזם אינעם יישוב. און צום סוף איז געקומען די גרענעץ־פאַרטושונג צווישן דעם חלוצישן ציוניזם און דעם רעוויזיאָניזם אויפן פּאָליטישן גע־ביט: „בילטימאָר". די דאָזיקע פאַרטושונג אויפן פּאָליטישן גע־ביט האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ גרענעץ־פאַרטושונג אויפן פאַרווירקלעכונגס־געביט.

## די כללים פון גראַנגל

מיר ווילן זיך נישט אָפּשטעלן דאָ נאָכאַמאָל אויפן וויכוח וועגן די גראַנגל־וועגן. אָבער צו אונזער באַדויערן מוזן מיר אונטערשטרייכן: לעניִנס פּרינציפּיעלער כלל, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט, וועגן היסטאָרישער אָפּהענגיקייט פון די גע־ראַנגל־פאָרמען, איז גילטיק נישט נאָר לגבי דער טעאָריע „נאָר אַזוי", נאָר אויך לגבי דער באַקאַנטער מיינונג: „אויך אַזוי".

לעניִן, דער פירער פון רעוואָלוציאָנערן שטורמדיקן אָנגריף און ריזנשוואונג, האָט געוואוסט דעם סוד פון אויסוואַרטונג און אָפּהיטן דעם כוח, אין איינקלאַנג מיט די באַדינגונגען.

ער האָט געוואוסט, „אז עס דאַרף אומבאַדינגט זיין אַן אָביעקטיווע פעדאַגאָגישע אויסרעכנונג פון די „כוחות־פאַר־העלטנישן". דאָס זאָגט אונז: עליה אויף אלע וועגן, התיישבות און זייער פאַרטיידיקונג. דאָס איז אונזער וויכטיקסטער אָנגריף. פון גבעת־חיים—עין־החורש אָן איז אָנגעצייכנט דער וועג: פאַרטיידיקונג פור דער עליה, פון דער התיישבות און פון דער זעלבסט־שוץ. פון טרומפעלדאָרן אָן איז געפלאָסן דאָס בלוט פון די קעמפער־פאַרווירקלעכער: ביים אקעראַייזן און פאַר דער אומלעגאַלער עליה. דאָ איז אונזער קאַמפּס־פראָנט, די באַזע פון אונזער כוח און דאָס אָרט וואו ער דאַרף זיך אַנטפּלעקן.

## די סכנה פון צעשטערן מחיצות

די אקטיוויסטישע שיטה ברעכט, קעגן איר ווילן, די מחיצה צווישן אונז און צווישן די „נאָר אזוי" פּרעדיקער. זיי גרייטן צו דעם וועג פאַר „קעמפערישע אייניקייט", פאַר א בונד מיטן פאשיזם.

א סאך בארויקן זייער געוויסן און זאָגן: אויב מיר וועלן ארייננעמען אינעווייניק די „אָפּגעזונדערטע", וועלן מיר זיי קענען איינצוימען און מאכן אומשעדלעך. דאָס איז א אילוזיע. דאָס אָנערקענען די אויטאָריטעט פונם יישוב און פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע וועט נישט ענדערן זייער כאראקטער. דער רעוויזיאָניזם איז יאָרן געזעסן אינע־ווייניק און האָט זיך פאַרנומען מיט ברעכן — פון אינעווייניק. דאָס נישט אונטערגעבן זיך דער דיסציפּלין מצד דידאָזיקע אָרגאניזאציע איז נישט קיין אָרגאניזאציאָנעלע פראגע נאָר

אן אָרגאַנישע פראגע. די געגנשטעלונג צו דיסציפּלין ליגט אין זייער נאַטור. זיי זיינען אין זייער נאַטור דיסציפּלינאַרלאָז און אחריותלאָז. אויב אפילו זיי וועלן באַשליסן אַריינצוגיין אינע־ווייניק, קענען זיי יעדן מאָמענט א בריקע טון, ווען זיי וועלן עס געפינען פאַר ריכטיק. נישט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צד באַשטימט די אידעאָלאָגיע, נאָר די אידעאָלאָגיע באַשטימט דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן צד. און וואָס איז די אידעאָלאָגיע — דאָס האָבן מיר שוין געזען פריער: פּאַשיזם אין זיין אייגנאַרטיק־יידישער אַנטפּלעקונג.

מיט פּאַשיזם קען נישט זיין קיין פאַרבינדונג און קיין קאָנטאַקט. דער חוב פון סאָציאַליסטן איז צו קעמפן נישט נאָר קעגן פּאַשיזם אין אויסלאַנד, נאָר, קודם־כל, קעגן פּאַשיזם ביי זיך אין דער היים. דער וואָס רעדט וועגן קאַמף מיט פרעמדן פּאַשיזם און שטרעקט אויס די האַנט צום „היימישן", גראָבט אונטער ווערטן און טרייסלט אויף יסודות.

## אומבאַדינקטע אויספירונגען

די אַקטיוויסטישע אָנהענגער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דערקלערן: מיר פירן נישט קיין פאַרצווייפלונגס־קאַמף; מיר גייען נישט צו א לעצטער שלאַכט. אָבער די מעשים, וועלכע זיי רעקאָמענדירן צווינגען צו א לעצטער שלאַכט. די אויפגע־פאָדערטע טאַטן, זייער פאַרברייטערונג און פאַרשטאַרקונג, די פאַרפלאָנטערונג און פאַרשאַרפונג וועלכע זיינען מיט זיי פאַר־בונדן, קענען א שטופּ טאָן די ראָד און קיין שום כוח וועט אים נישט קענען איינהאַלטן. אָבער נישט נאָר די טאַטן; די יסוד־הנחות פאַרן אַקטיוויזם פירן צו דער לעצטער שלאַכט.

ווייל וואָס זאָגן די יסוד־הנחות ? — „מיר האָבן זיך אנטוישט אין יעדן גוייִשן געוויסן ; מיר האָבן זיך אנטוישט אינם פאָלי־טישן גערעאנגל ; די סכנה דראָט נישט פונם קאמף נאָר פון דער באַרויקונג״. דער וואָס שטעלט פעסט דידאָזיקע הנחות באַ־שטימט, קעגן זיין ווילן, א קאמף מיט אלע וועגן ; קעגן זיין ווילן, קומט ער צום אויספיר, וועלכן ער האָט געוואָלט אויס־מיידן ; צו דער לעצטער שלאכט.

און די באדינגונגען אין וועלכע עס געפינט זיך אונזער אויפבוי־ווערק, אינם אָנבליק פון די בייזוויליקע רעגירונגס־פלענער צו פארניכטן אונזער כוח, אין אָנבליק פון דער פאר־שטארקטער געשפאנטקייט צווישן די צוויי פעלקער, וועלן מיר זיך אין איין טאָג געפינען אין א קאמף אויף צוויי פראָנטן : אן ענגלישן פון איין זייט און אן אראבישן פון דער אנדערער. אנשטאט צו באנוצן דעם כוח וואָס מיר פארמאָגן כדי צו ראטעווען אונזערע ברידער, וועלן מיר זיין געצוואונגען זיי צו באנוצן צו ראטעווען זיך זעלבסט. דער געראנגל פאר דער פאָרזעצונג און פארשטארקונג וועט זיך אראָפּקייקלען צו א פארצווייפלטער פארטיידיקונג פון דעם עקזיסטירנדיקן.

דער אקטיוויזם באזירט זיך אויף איין פשוטע הנחה : יעדער וועך עס באומרויקט ענגלאנד ווערט איר פריינד. אויב מיר וועלן באומרויקן און אויף איר דריקן — וועלן מיר באַ־קומען אונזער באלוינונג. דידאָזיקע הנחה איז איבערגעטריבן פון אָנהויב אָן. נישט די באאומרויקונג פאר זיך אנטשיידעט. עס הענגט אָפּ וועך באאומרויקט. אויב צוויי פעלקער — איינער א שטארקער (אָדער ער זעט אויס אין די אויגן פונם אנט־שיידנדיקן פאקטאָר ווי א שטארקער), און דער צווייטער א

שוואכער — האנדלען אויף דעמזעלבן אופן — איז דער רע־זולטאט נישט דערזעלבער. אויב א שטארקער צד באַאומרויקט, איילט מען זיך אים צו איבערבעטן, אויב א שוואכער צד בא־אומרויקט, רעכנט מען זיך מיט אים אָפּ מיט דער גאנצער שארפקייט. מען פירט אויס איבער אים דעם גזר־דין אויפן שווערסטן אופן. דאָס איז שלעכט, ביטער, אָבער דאָך א פאקט. „דער מקור פון אלע אונזערע צרות איז אונזער שוואכקייט אלס פאָלק״. און דידאָזיקע שוואכקייט — א פּועל־יוצא פון טויזנטיעריקן אומגליק — ענדערט מען נישט דורכן באשליסן פירן זיך ווי א שטארק פאָלק, אָדער אויב מען שטעלט אין געפאר דעם כוח, וואָס מען פארמאגט.

צוקאָפּנס פונם אקטיוויזם איז געשטאנען נאָך א הלכה: די ענגלענדער וועלן נישט שיסן. אין געראנגל קעגן א שוואך פאָלק וועלן זיי נישט קענען און נישט וועלן באווייזן זיך מיט זייער גאנצן כוח. זיי וועלן זיך איינהאַלטן. זיי וועלן באצווינ־גען ווערן דורך פּאָליטישע און מאָראלישע אָפּהאלטן. די לעקציע פונם לעצטן יאָר האָט אויפגעדעקט די נישטיקייט פון דערדאָזיקער זיכערער הלכה. דער דריטער פאקטאָר וועט זיך נישט צוריקשרעקן פון צו באַווייזן זיך מיט זיין גאנצן כוח, ער וועט זיך נישט שעמען איבערצולאָזן הינטער זיך „פאר־ברענטע ערד״, ער וועט זיך באנוצן מיט יעדער געלעגנהייט, וואָס וועט אריינפאלן אין זייערע הענט.

און דערפאר זאָגט אונז „די אָביעקטיווע פעדאנטישע אויסרעכנונג פון די כוחות־פארהעלטנישן״: אין פארטיידיקונג האָבן מיר כוח, אין אָנגריף זיינען מיר שוואך, אין ראנגלען זיך פאר עליה און התיישבות איז געוואקסן אונזער כוח

און פארמערט געוואָרן, אין אַנגריף קעגן ענגלאנד איז ער שוואכער געוואָרן און פארקלענערט געוואָרן. אויף די געביטן פון אומלעגאלער עליה און אויפבוי־פאַרזעצונג דערווארט אונז א לאנג־דויערנדיקער געראנגל, וועלכער האָט גוטע אויסזיכטן, אויפן געביט פון דירעקטן אַנגריף דערווארט אונז א קורצער געראנגל, וועמענס רעזולטאטן זיינען קלאָר. אין פארטיידיקונג ווערט דאָס באנוצן זיך דורך אונז מיט געווער אָנערקענט אלס בארעכטיקט. אין אַנגריף ווערט דאָס אנערקענט אלס אומ־בארעכטיקט, און דאָס באנוצן זיך מיט געווער דורך דער רעגירונג — בארעכטיקט. אין פארטיידיקונג איז דער פּאָליטי־שער און מאָראלישער פאָרצוג אויף אונזער צד, אין אַנגריף — געבן מיר אים איבער אין די הענט פון קעגנאיבערישן צד.

## וואס דערווארט אונז אינעווייניק?

און אויף נאָך איין דערשיינונג דארפן מיר זיך אָפּשטעלן: אויף דער השפּעה פון דער נייער שיטה כלפּי פּנים. האָבן מיר זיך געוווּנט ברייט אָפּגעשטעלט אויף די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר צווישן דער יוגנט? אונזער געפיל איז, אז די נייע שיטה ברענגט צו א יסודותדיקער ווערטן־איבערשאצונג, צו אן אנדער באַטראכטן אלע אונזערע לעבנס־אַרטן. האָבן מיר זיך פאראינטערעסירט וויאזוי עס ווערט ארויסגעריסן דער שווער־פּונקט־צענטער פון דעם חלוצישן פארווירקלעכונגס־געביט און גייט איבער אין פרעמדער רשות, אינם געביט פון „נאָר אזוי״?

וואָס דערווארט אונז כלפּי פּנים? — האָט אין זיין צייט געפרעגט סאבבענקין, בעת דער אויפהייטערונג אנטקעגן דער

פיל־פּאָליטיק. ער האָט געפרעגט און געענטפערט: עס דראָט
א סכנה פון „איבערטראָגן דעם שווערפּונקט־צענטר". „א
כוואליע פון מיליטערישקייט, פון ליגנערישן נאציאָנאליזם
און נאציאָנאלן טאָטאַליזם קלאַפּט איצט אין טויער — מיר
דארפן גיין אויפן וועג פון חלוציזם, בעת מיר ווערן געשטופּט
און מיר שטייען פאר די פרעמדע כוואליעס" („צו דער באַ־
לויכטונג פונם וועג", „הפּועל הצעיר", 1938.7.6).

וואָס זיינען „די פרעמדע כוואליעס" פון דעמאָלט אנטקעגן
„די פרעמדע כוואליעס" פון וועלכע מיר ווערן געשטופּט און
מיר שטיין פאר זיי איצט? א שרעקלעכער אומגליק האָט זיך
אראָפּגעלאָזט אויף אונזער פאָלק און ער דראָט אראָפּשלעפּן
אונז אין תהום. נישט דאָס חלוצישע פייער ברענט איצט אויפן
מזבח, נאָר אַ פרעמד פייער. א פייער פון „ליגנערישן נאציאָ־
נאליזם", פון „נאציאָנאלן טאָטאליזם", אן אומענדלעכער פאר־
צווייפלונגס־פייער. נישט די גרויסע סימבאָלן פון דער ארבעטנ־
דיקער ארץ־ישראל באגלייטן אונז; אנדערע סימבאָלן שטופּן
זיך אויף זייער אָרט. אן אנדערע גבורה באצויבערט די יוגנט.
מיט אונזערע אייגענע הענט וועלן מיר העלפן קומען די
„ווערטן־איבערשאצונג" פונם דור. מיט אונזערע אייגענע
הענט וועלן מיר איבערגעבן, די קומענדיקע יוגנט — די אויס־
געפייניקטע און גייסטיק־צעבראָכענע יוגנט, וואָס רייסט זיך
מיט אלע אומלעגאלע וועגן קיין ארץ־ישראל — פאר א קרבן
צו פרעמדע אידעאָלאָגיעס. מיט אייגענע הענט וועלן מיר אי־
בערטראָגן דעם שווערפּונקט־צענטר פון חלוצישן געביט אין
פרעמדן רשות. לאָמיר געדענקן און נישט פארגעסן: נישט
ברענערס געשטאלט שפּאצירט איצט איבער אונזערע גאסן,

נאָר א געשטאלט פון זעלבסטמערדער. ווייל, אויב אויסגעלאָזט האָבן זיך די גלויבנס, אויב געענדיקט האָט זיך יעדעס געוויסן, אויב די סאָלידאריטעט האָט אָפּגענארט און דער סאָציאליזם איז געוואָרן צונישט — וואָס פארא האָפנונג קען האָבן א קליין פאָלק אין דערדאָזיקער וועלט און וואָס זיינען די אויסזיכטן און דער טעם פון זיין עקזיסטענץ? פונדאנען איז דאָ איין אויס־פיר — ארומנעמען די זיילן אויף וועלכע „דאָס הויז שטייט אויף זיי" און אראָפּווארפן זיי מיט כוח: תמות נפשי עם פלשתים!

מיר נויטיקן זיך אין דער ברענערישער פארצווייפלונג. אין פארצווייפלונג פון „טראָץ אלעם", פון „שילט נישט", פון „זאָלן זיין אונזערע אויגן זיין אויפגעהויבן און אָפן", מיר נויטיקן זיך אין פארצווייפלונג פון „לאָמיר אָפּהיטן אונזערע לעצטע כוחות". (ברענער).

מיר נויטיקן זיך אין דער גבורה פון די וואָס זעצן פאָר ביי אלע באדינגונגען און די וואָס רייסן זיך אין וועג פאר יעדן פרייז, אין דער גבורה פון די, וואָס רייסן זיך דורך אָן אָפּהאלט דורך דעם שפאלט און דורכן טויער, אויך אין שפאלט און אין טויער". מיר נויטיקן זיך אין א באנייאונג פונם אויפקלערונגס־פראָנט און אין א גרינטלעכן פאָליטישן חשבון־הנפש, א שטורמדיקן חלוצישן אָנגריף אויפן גלות, די אָרגאַ־ניזירונג פון דער עליה אויף אלע וועגן, מאָביליזאציע פון גאנצן ווילנס־ און דרוק־כוח פונם פאָלק. מיר נויטיקן זיך אין דער מאָביליזאציע פון די גאנצע זעכציק יאָר ציוניזם, נישט פאר א לעצטן שלאכט, נאָר כדי אויסצוהאלטן אינם מאָמענט פון באלאגערונג, כדי פעסט צושטעלן זיך קעגן פיינטלעכע און פרעמדע כוואליעס.

## דערקלערונגען

אַסקוויט הערבערט הענרי (1852—1928) — איינער פון די פירער פון דער ליבעראלער פארטיי אין ענגלאנד. 1905—1908 פינאנץ־מיניסטער, 1908—1916 פרעמיער־מיניסטער. האָט אָפּגעשוואכט די השפעה פון לאָרדן־הויז. אין אירלענדישער פראגע באקאנט פון זיין פשרהדיקע שטעלונג.

באקונין מיכאיל אלעקסאנדראָוויטש (1814—1876), דער גרינדער פון רעוואָלוציאָנערן אנארכיזם. אינם אינטערנאציאָנאל האָט ער געגרינדעט די אנארכיסטישע פראַקציע און געקעמפט — אויסער א קורצע צייט — קעגן מארקס און זיין שיטה. 1872, אויפן קאָנגרעס אין האַאַג, איז ער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אינטערנאציאָנאל און געגרינדעט די אנארכיסטישע פראַקציע. 1873 איז דערשינען זיין בוך „מלוכה און אנארכיע".

בלאנקי אאוגוסט (1805—1881), רעוואָלוציאָנערער סאָציאליסט, גערופן ביי די מאסן „דער הייליקער פון דער רעוואָלוציע".
דער בלאַנקיזם האָט געלערנט פון דער דערפארונג פון די יאקאָבינער אין דער גרויסער פראנצויזשער רעוואָלוציע און זיך באמיט צופאסן זי צו די קאמפס־באדינגונגען פון פראָלעטאריאט. די בלאנקיסטישע טאקטיק: אָרגאניזירן געהיים־אָרגאניזאציעס, וועלכע נעמען ארום דעם רעוואָלוציאָנערן אוואנגארד און זייער אויפגאבע איז צעשטערן דעם מלוכהשן אַפּאַראַט כדי צו פארכאפן די מאכט.

די געהיימע אָרגאניזאציעס פון די בלאנקיסטן האָבן זיך גאנץ שנעל ארויסגעוויזן אלס אונפעאיק אָפּצושאצן ערנסט די פּאָליטישע באדינגונגען. זייערע מעשים, וועלכע זיינען נישט געווען צוגעפאסט צו די אינערלעכע און אויסערלעכע באדינגונגען, האָבן זיי געבראכט

גרויסע מפּלות. דער בלאַנקיזם, ווי זיין שעפער, האָבן נישט ריכטיק אָפּגעשאצט דעם היסטאָרישן פאַקטאָר און זיך גערעכנט נאָר מיט דער אידעע און אירע טרעגער.

גלאַדסטאָן (1854—1930) — פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי אין ענגלישן פּאַרלאַמענט אין די יאָרן 1899—1905. אינערן־מיניסטער אין ענגלאַנד פון 1905 ביז 1909.

לאָק — הויפּט־סעקרעטאַר פון דער ארץ־ישראל־רעגירונג בעת די געשעענישן 1929.

נאַראָדניקי — א סאָציאַליסטישע שטרעמונג אין רוסלאַנד, וועלכע האָט נישט אָנערקענט דעם מאַרקסיזם און געשטרעבט צו א פויערן־רעוואָלוציע און צו א אוטאָפּישן אַגראַר־סאָציאַליזם. פון דער ריכטונג איז שפּעטער אַנטשטאַנען די באַוועגונג פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

פּערנעל — אירלענדישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיקער (1846—1891). גרינדער פון דער אירלענדישער פּאַרטיי אין ענגלישן פּאַרלאַמענט און פירער פון דער אירלענדישער זעלבסטשטענדיקייט־באַוועגונג.